HADASA RUBIN

# KROKI WŚRÓD NOCY

רעד: ד. ספארד
Red.: D. SFARD

אילוסטראַציעס און הילע געצייכנט: ל. מערגאַשילסקי
Ilustracje i okładkę wykonał: L. MERGASZYLSKI

Printed in Poland

Wydawnictwo „Idisz Buch", Warszawa, Nowogrodzka 5

Nr zam. 2157. Nakład 1000 egz. Druk ukończono w grudniu 1957 r. Ark. druk. 7,5, ark. wyd. 4. Papier rotogr. III kl. 61×86, 120 g.
Druk RSW. „Prasa", Warszawa, Tarczyńska 8. A-60

הדסה רובין

# טריט אין דער נאַכט

פאַרלאַג 

װאַרשע

1957

# פונוואנען קומט די פרייד צו מיר...

פונוואנען קומט די פרייד צו מיר
אזא לויטערע און שטילע,
פונוואנען קומען זיי צו מיר,
— די פריידיקע געפילן?

פונוואנען קומט די פרייד צו מיר?
ווען ס׳טוט א פרעמדער גוט א שמייכל,
— ווי פרעמד ער זאָל נישט זיין צו מיר —
קומט אָן די פרייד מיט ימים ווייכקייט.

אויף יעדן פריינדלעך וואָרט כ׳פארמאָג
אן אוצר ווארעמקייט און גוטסקייט.
מיר דאַכט זיך, אז מיין גוטער זאָג
העלפט עמעצן, איז זייער נוצלעך.

— — — — — — — — —

איך וויל, ס׳זאָל גליקלעך זיין די וועלט —
נישטאָ פאר מיר קיין פרעמדע טרערן.
ווען כ׳שעם זיך נישט, כ׳וואָלט מענטשן אָפּגעשטעלט
מיט הייסער טרייסט: די וועלט וועט שענער ווערן!

1934

# רחמנות

ווען א בלעטעלע צוויט
פאַלט אראָפּ פון א בוים
בלייך, אַנעמיש און מיד,
ווי א זיפץ, ווי א טרוים —

ווען א בלעטעלע פאַלט
און בלייבט ליגן אין גראָז,
קוקט פארוואונדערט א שטראַל
און פארשטייט נישט: פארוואָס?

גיט זיך האָסטיק א ריס
דורכן בלויקייט און גרינס
און — שטעכט דורך מיט זיין שפּיז
א ווייס בלעטעלע דין.

1934

# אומרו

אין א נאַכט אַזאַ
איז מיר אומעטיק
אין א נאַכט אַזאַ
איז הימל בלומענדיק
בין איך אומרואיק
ס׳איז מיר אומעטיק.

אין א נאַכט אַזאַ
זענען ווייטן פייכט
מאַטערט מיך די נאַכט
ס׳איז מיר אומעטיק
ווייטן זענען פייכט
הימל — בלומענדיק
אין א נאַכט אַזאַ.

1934

# שרעק

ביינאַכט טאַיעט עס זיך ביי מיין צוקאָפּנס
און רייסט ביי די האָר מיך אַראָפּ פון געלעגער.
איך זע עס אין לופטן
איך הער אינעם קלאַפּן
פון שטאָטישן זייגער
אין שטילקייט פון נאַכט.

ווי פינגער, ווי טויזנטער פינגער, די קרעכצן —
זיי רוקן זיך, קריכן, זיי שאַרן זיך צו.
זיי ווילן מיך מוטשן,
זיי וועלן מיר שלעכטס טאָן,
אויף שטיקער צעררייסן מיין רו.

ס׳דרייט די שרעק פאַר מיר א שטריק.
אויף מיין אומרו וועל איך הענגען.
כ׳שריי!
נאָר ס׳קומט דאָס קול פון ערגעץ צוריק
און ס׳ווערט אַרום דעם הארץ מיר ענגער.

1934

# צום יידישן זעלנער

דורותווייז שטרעקט זיך דאָס כאַמישע גלוסטן
צו אונדזערע שטיבער אָן שטראָף, אָן פארבאָט
מיט פיקעס אין בייכער, מיט אייזנס אין ברוסטן,
מיט בלוט אויף די הענט אין נאָמען פון גאָט.

ס'איז שיכורער זונטיק געווען אונדזער גורל
און האָט מיט א שטומפיקער שווערד אונדז געדראָט.
געקוקט אין די שויבן מיט שרפות און מורא,
געצלמט מיט טויט און באַשפּיגן מיט שפּאָט.

נאָר וואס זענען טויטן, אַנטקעגן דער בושה
צו פאַלן אָן קאַמף, פארהאַסט און געשענדט?
ווער קען זיי, די פינצטערע פלעקן פארווישן,
ווען ס'קייקלעז זיך קעפּ און עס שווייגן די הענט?

אָט גייט ער, דער כאַם מיט פויק און טרומייטער
און שווענקט זיינע פענער אין בלוט פון מיין פאָלק.
פארשאָלטן זאָל זיין, ווער ס'איז טויב אויף דעם ווייטיק,
ווער ס'הערט נישט דעם רוף פון געפייניקטן פאָלק!

פארשאָלטן זאָל זיין, ווער עס האַלט שלעכט דאָס וואָפן,
ווען עס'לעבן איז ליב אויף אין שפּאָט און אין שאנד —
אויב נאָר זיין געדאַנק איז פון שלאַכט־פעלד אַנטלאָפן,
אויב ס'האָט אויפן שלאַכט־פעלד פארהאַקט זיך זיין האַנט.

סע שרייען נקמה די פינצטערע נעכטנס,
די קינפטיקע דורות באַקוקן אונדז בלינד.
איז הייליק דיין קאַמף, איז דיין קאַמף א גערעכטער.
אויף טויט — מיט צען טויטן, פאר מאמע און קינד.

1942

## צו מיין אומגעקומענער

אין יענער נאַכט
האָסטו אזוי מורא געהאַט צו זיצן,
און אפשר ביסטו געליגן
און האָסט געטראַכט,
און אפשר האָסטו געשוויגן,
און אפשר האָסטו געשריגן
און נישט געטראַכט
אין יענער נאַכט? –

ביינאַכט?

און אפשר באַגינען,
ווען טוי איז געלעגן אויף גראָז?
איך זוך. איך זוך און קאָן נישט געפונען
די מאָס.

1941

# מיין יידיש קינד

דאָס גאַנצע ליכט פון גאָרער ברייט,
די גאַנצע פרייד
פון ווינט־געבלאָז
אויף זייד פון גראָז,
פון שטראַלן־שפּיל,
מיין צאַרט געפיל
אָן פלעק, אָן זינד —
דיר, קינד,
דיר, יידיש קינד.

אז אין אייגעלעך אין דיינע
זאָלן אויפשיינען די שיינען
אין אַ פרייד־קאָליר.
נאָר טאָמער האָסטו פארשטאַנען
דעם לעצטן געשריי פון דיין מאַמע
און ער שרייט אין דיר?

ווערן מיינע דלאָניעס ליידיק,
ווי א מדבר פוסט.
ווערט דאָס ליכט מיר מער נישט נייטיק.
מיר זאָל זיין דיין פיין און ווייטיק,
קינד, מיין יידיש קינד.

1945

## נאַטור־געזעץ

איבּ דו וועסט זאָגן צום קינד אינעם וויגל:
דו, נאַרעלע איינער, וואָס טויג דיר דאָס גיין?
אין בּעטל איז ווייכער. דאָרט — לויערן שטיגן,
א קאַנט פון א בּענקל, א שאַרף פון א שטיין.

שטעלסטו איין שפּאַן נאָר — דאַן בּיסטו פאַרפאַלן.
מיט נייעם דראָט אלץ דאָרט, אויף יענער זייט וואַנט.
נישט בּעסער דען, ליגנדיק כאַפּן די שטראַלן,
און זיצנדיק, גלעטן די שיין מיט דער האַנט?

כאָטש וועסט צום קינד אינעם וויג אזוי זאָגן
און געבּן אים ניכטער און קלוג צו פאַרשטיין, —
ווי נאָר ס'וועלן זיין גענוג שטאַרק צו דערטראָגן
די פּיסלעך זיין גוף, וועט ער אָנהייבּן גיין...

# אַ פראָסט

א שניי און א פראָסט און א פראָסטיקער ווינט
און שטערן פארפרוירענע.
פון גלאַנץ און פון ווייסקייט פארבלענדט און פארבלינדט,
איך בין א פארלוירענע.

אַ קעלט קאָוועט איין מיינע גליטשיקע טריט,
די שטערן — אַלץ שיטערער.
מיט פונקען פון פראָסט, ווי מיט פּײַער באשיט,
א צעפלאַקערטע ציטער איך.

ווער זאָגט, אז איך בלאָנדזשע אַרום, אַז איך פריר
איבער גאַסן פארוויייטע?
יעדעס ליכטל און שוועל —אַן אָאַזע פאר מיר
אינעם מדבר, אין שנייאיקן.

איך וועל אָנקלאפּן שטיל און נישט פרעגנדיק „ווער"?
וועלן שליסלען זיך אויפשליסן.
א שטערנדל שניי וועט צעגיין, ווי א טרער
אין מיין אויג, און זיך אויסגיסן.

1956

# א געדאַנק

א ווינט האָט געעפנט די טיר? —
איך בין אין מיין שטוב נישט אליין.
מיר דאַכט, עמעץ שטייט הינטער מיר,
אז עמעצער לאַכט דאָרט און וויינט.

ס'איז עמעצער דאָ און נישט דאָ.
איך קאָן נישט דערזען, נאָר איך הער.
א שפּעטע, האַלבנאַכטיקע שעה
אָטעמט פארחלומט און שווער.

נאָר כ'בלייב צוגעשמידט צו דעם אָרט —
איך קאָן דאָס געפיל שוין פון לאַנג:
עס רייסט זיך אזוי צו זיין וואָרט
א הייסער, א רייפער געדאַנק.

1956

## אויב דו דאַרפסט זיין...

אויב דו דאַרפסט זיין נאָך א קנייטש אויף מיין שטערן,
נאָך א שאָטן אויף מיינע פאַרשאָטנטע שעהן —
גיי! און חשבון נישט וועמען פון אונדז ס׳וועט זיין שווערער,
און צייל נישט ביי וועמען די האָר זענען גראָער.

ס׳האָט דאָס לעבן אין שטרענגקייט געקנייטשט מיינע ברעמען,
כ׳האָב ווייכקייט אין טרוים נישט געזען — כ׳האָב געגאַרט נאָר.
פון דיר קיין באַליידיקונג וועל איך נישט נעמען,
פון דיר כ׳וויל נישט נעמען קיין האַרטקייט.

גיי. כ׳וועל דיר נאָכקוקן לאנג, אפשר יאָרן,
נאָר דו וועסט מיין רופן נישט הערן.
אויב כ׳האָב נישט באַוויזן קיין גליק אָפּצושפּאָרן,
וועסטו זיי נישט זען, מיינע טרערן.

1944

# דו האָסט מיר געגעבן פון פורטקע דעם שליסל...

דו האָסט מיר געגעבן פון פורטקע דעם שליסל
און ביסט אוועק.
אָ, ווען איך קאָן מיט דעם שליסל פארשליסן
די ווייטקייט פון וועג.

איך זוך, ווי א הונט, דיינע טריט אין מיין שטיבל
אין נאַכטיקער שיין.
אלץ, וואָס פון דיר ס׳איז אין צימער פארבליבן
איז מיין.

שטרענגקייט און דויער פון מענטשלעכער ליבע,
צאַרטער באַריר,
הייסע געדאַנקען זענען געבליבן,
לעבן איר מיר.

א וואָרט איבער קינדערשן בעטל געפליסטערט —
א קלאַנג.
אזויפיל מוז קלעקן מיר איצטער
אויף לאַנג.

אין אונדזערע יאָרן איז שיידן זיך שווערער —
נישט ווייט שוין דער ברעג.
נאָר ווי זאָלסט נישט זיין, וועל איך זען דיך און הערן —
מיר האָבן איין וועג.

און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, טייערער מיינער,
מיין קאָמפּאָס אין שטורמישן גאַנג.
די אייגענע זון זאָל מיין לעבן באַשיינען
וואָס איבער דיר שיינט.

## ס׳האָט פאַרפּלאָנטערט זיך אין מיינע האָר
## אַ כריזאַנטעמע

ס׳האָט פאַרפּלאָנטערט זיך אין מיינע האָר אַ כריזאַנטעמע,
אין גלי פון זומער — אַ הארבסטיקע בלום.
אָ, פּרוּוו זי נישט פון מיינע האָר אָראָפּצונעמען,
זי וועט שוין ביזן סוף מיר נאָכגיין אומעטום.

זאָגסט טרויער? — ניין, איך וויל די האַרבסט־בלום בלויז פאַרהיטן,
איך וויל... איך מוז אונדז ביידן זאָגן בלויז,
אַז ביז דאָס האַרץ קלאַפּט מיטן לעבן אין איין ריטעם,
וועט זי אין מיינע האָר נאָך בליען, ווי אַ רויז.

און אויב דו כאַפּסט אַמאָל מיין בליק זיך יאָגן,
מיט אומרו נאָכקוקן אַ יונגער פּאָר,
איז עס דערפאַר, ווייל כ׳וויל זיי אונטערזאָגן,
ווי יונג צו זיין, ווי יונג צו זיין ביז גרויע האָר...

# א מיספארשטענדעניש

„ — פון דיין האַנט א בלום צו נעמען,
הייסט צו נעמען בלומען צוויי.
כ׳ווייס נישט, כ׳ווייס נישט ווי פאר וועמען,
נאָר די שענערע פון זיי

איז פאר מיר די בלום, וואָס וועלקט נישט,
די, וואָס קאָן מיר זיין געטריי.
ווען דיין שמייכעלע צעהעלט זיך,
זעט מיין אויג שוין בלומען דריי...״

— ציילסט און ציילסט — שוין באַלד א גאָרטן!
ווי אזוי ארום, פארוואָס?
וועסט מיך גיך פארזעצן דאָרטן
אויף די קלאָמבן, צווישן גראָז.

כ׳האָב א בלימל אָפּגעריסן
אָן א זייטיקן געדאַנק.
מאָנסט ביי מיר פון האַרץ די שליסל —
איך האָב איינעם — פון מיין שאַנק...

# ווי קומט עס...

ווי קומט עס, אז אין דעמערונג זאָל טאָגן?
דער גרענעץ־סלופּ איז ווייט שוין הינטער מיר,
א רייפע זאַנג האָט מורא פאַר א האָגל,
דער בלאַט איז רויט און שמעקט מיט האַרבסט־קאָליר.

א דעמב אין וואַלד, שוין איינמאָל דורכגעלעכערט,
פאַר דונערן עס ווערט א נעסט זיין שטאַם.
מיך האָט א קראַפט אזא באַצוווּנגען, וואָס צעפּעכערט
א יעדן פונק אין רופנדיקן פלאַם.

דאָס בלוט זאָל פּליסן הייס און שאַרפער פּילן,
צו קלינגען זאָל דאָס האַרץ נישט ווערן מיד.
און ס'קאָן נישט ווערן אַלט דער יונגער ווילן
און נישט מיין זעקסטער חוש — דאָס ליד.

1955

# ליבע

ווידער שטייט אויף מיין טיש א נאַרציז,
ווי ס׳וואָלט יענער פרילינג זיך נאָך נישט פאַרענדיקט,
ווי אַלץ וואָלט געווען פּונקט אַזוי ווי עס איז,
ווי ס׳וואָלט אַזוי קאָנען פאַרבלייבן אויף שטענדיק.

א צווייגל פון בוים פאַלט אַראָפּ, ווערט פאַרדאַרט —
אין גלאַנץ וועלן אַנדערע צווייגן דערוואַכן.
ווער זאָגט, אַז דאָס צווייגל אויף וועלכן איך וואַרט
איז מיאוסער פון דעם, וואָס געווען איז, און שוואַכער?

איז וואָס, אַז די האַנט, וואָס פאַרשטעקט ס׳האָט די בלום
טראָגט צייכנס פון יאָרן, וואָס זענען אַריבער?
איך נעם זי מיט פינגער געקנייטשטע אַרום
און וויל דאָס נישט אָנרופן אַנדערש, ווי ליבע.

# דו ביסט גערעכט

דו ביסט גערעכט: די בלום איז מילדער.
זי גיט זיך אָפּ דעם אויג און שטאַרבט.
עס בלייבט נאָך איר קאָליר און פאַרב,
אן אומרו בלייבט א נישט געשטילטער.

דו האָסט געזען אמאָל אין אָוונט
א בלום פארמאַכט זיך שטיל, פארטראַכט? —
דאָס שרעקט אזוי די אַנגסט פון נאַכט,
דאָס שרעקן הימלען טונקל־בלאָע.

איך האָב געזען א בלום באַגינען,
אויף זייד פון העמדל — טראָפּנס טוי.
א בלום קאָן וויינען נאָר אזוי —
זי וויינט איר בענקען אויס, דאָס גרינע.

# ערשטער שניי

דו קוקסט מיך, קינד מיינס, אָן מיט פּרעגנדיקע אויגן —
מיר האָבןביידע זאָרגלאָז ערשט נאָר וואָס געלאַכט.
דו האָסט מיט פלינקע הענט דיין קישן אָנגעצויגן
און גלעטנדיק, געשעפּטשעט אים: א גוטע נאַכט...

ווי זויבער־ריין ס׳איז איצטער, קינד מיינס, דיין געלעגער,
און פּוכיק, ווי דער שניי אויף יענער זייט פון שויב.
ער ציט אין ווייסע ציכלעך אָן די גרויע וועגן
און זיפּט זיך לייכט, ווי פעדערלעך, ווי דינער שטויב.

איך בין געווען אמאָל — ס׳וועט שווער דיר זיין צו גלויבן,
אויך מיר איז דאָס אצינדער שוין נישט זייער לייכט —
איך בין א קינד געווען און האָב, ווי דו, דורך שויבן
צום סאמע שפּיץ פון הימל מיט דער האַנט געגרייכט.

נאָר איך, איך האָב קיין ציכטיק בעטל נישט געהאַט דאן,
און זאָרגלאָזן געלעכטער — אויכעט נישט צו פיל.
צופוסנס פון א בעט, אויף איינשיטן מיט לאַטעס
געלעגן אין מיין קינדהייט איינגעקאָרטשעט שטיל.

די כוואַליעס שווארצע האָר פארוויקלט אין א טיכל —
דער שטויב פון פעדערן זאָל זיי נישט מאַכן ווייס.
אין שלאָף האָט זיך געפלאָנטערט שניי און ווייסע ציכן,
באַגינען האָבן ווענט אראָפּגעגלאַנצט מיט אייז.

איך האָב ביז היינט נישט צוגעווינט זיך צו דער ווייכקייט,
צום ווייסן יום־טוב פון א ציכטיק בעט.
כ׳פיל אָפט אויף זיך דיין טאַטנס גוטן שמייכל,
ווען פונקט אזוי ווי דו, דעם ווייסן קישן כ׳גלעט.

מיך וועקט ביז היינט נישט אײנמאָל פונעם שלאָף א שוידער —
די נאַכט האָט בייז פארמישט א בלעטל פון דער וואָר.
איך זע דאָס ענגע שטיבל אויפן הויכן בוידעם,
און צווישן איינשיטן מיט לאָטעס — דיינע האָר.

איך ווייס נישט, צי ס׳איז גוט, צי שלעכט אזא געדענקען,
איך ווייס נישט, צי אזא געדענקען שטערט, צי ס׳העלפט.

אָ, זע, אזויפיל ווייסע שנייעלעך, א מענגע,
און וואָלקנס איבער זיי, ווי גרויע וועלף.

1955



# ווען כ׳בין א מיידעלע געווען א קליינס

ווען כ׳בין א מיידעלע געווען,
ווען כ׳בין געווען א קליינע
פלעג איך טופּן מיט די פיס און וויינען
און שרייען מיט פאַרדראָס:
כ׳וויל זיין א ייִנגל,
און פאָרן רייטנדיק
און רויכערן א פּאַפּיראָס!

נאָר איצט,
ווען כ׳קאָן שוין דאַנקען גאָט דאָס אויך —
כ׳פאַרצי זיך, ווי א מאַן,
לאָז דורך דער נאָז דעם רויך,
און נישט איין פערד —
טאַבונעס פייערדיקע טראָגן מיך אין ווינט,
פאַרוואָס איז אַלץ נאָך שווער,
נאָך שווערער ווי אמאָל, פאַרוואָס איז מיר אַצינד
מיט צאַרטקייט אומגעלומפּערטער,
וואָס וויל נישט ווערן רייף
און אָפּפאַלן פון מיר פאַרטרוקנט און פאַרשטייפט?

ווען כ׳קאָן פאַרשלייערן דאָס האַרץ —
אליין איך גיי שוין לויט דער מאָדע לאַנג אין הויזן —
די טעג, די נעכט — פאַרביטערט־האַרב,

נאָר ס׳האַרץ איז אויסגעפּוצט אין רויזן!
דאָס האַרץ.
נו, מילא, וואָס,
אזוי וועט עס שוין בלייבן מן־הסתם.
פון צאַרטקייט, ווי פון ליכט פארבלענדט,
איך וועל מיין לעבן טראָגן אַנטשלאָסן, ווי א מאַן,
אין מיינע צוויי סענטימענטאַלע הענט.



## מיין נאַכט־סימפאָניע

איך בלאָנדזשע אַרום צווישן קינד און דיין בעט,
בייג זיך אָן און זאַפּ איין אייער אָטעם.
קרום פאַלט אויף דיין שטערן מיין שאָטן —
ער קושט דיינע אויגן און גלעט.

דאָס אַלץ, וואָס דו האָסט פאַר מיין אומרו פארמאַכט
אין די קנייטשן, אַז איך זאָל נישט וויסן,
פארטרויעסטו איצטער דעם קישן,
פאַרטרויעט מיר איצטער די נאַכט.

דיין קרעכץ גיסט זיך אויס און פאַרפלייצט מיינע טריט —
א שטילע איך וועל לעם דיר קניען
און דאַווענען: רו פאַר דיין וויע,
רו פאַר דיין נאַכט און געמיט.

1957

* *

*

איך הער מיט די אויגן, איך זע מיט די פינגער,
איך פיל מיטן לייב, פון דער הויט אָפּגעשונדן.
א פלאָנטער פון חושים — איין קנויל א צעגליטער
אן אָפענע ווונד קעגן זון און געוויטער.

מיט וואָס זיך פארהוילן, מיט וואָס זיך באַשיצן
אנטקעגן דער בראַנד, קעגן חלף פון בליצן?
פארלוירן געגאַנגען מיין רו אויף אומוועגן —
ביי וועמען זיך מאָנען, ביי וועמען זיך פרעגן?

## ווּ זענט איר?...

ווּ זענט איר ריטשקעלעך פוּן מיינע ווייטע וועסנעס?
וווּהין האָט איר פאַרטראָגן מיין שיפל פון פּאַפּיר?
איך האַלט נאָך אַלץ, ווי דעמלט, אין דער האַנט די וועסלע,
נאָר איצט איז גרין פון טיפקייט דאָס וואסער אונטער מיר.

איך טראָג היינט גאַנצע שיף און ווי א מאָל דורך לעכער
איר רינט שוין נישט אריין מער, פרילינגדיקע. איצט
שלאָגן הויכע כוואַליעס אין מיין שיפל מעכטיק
און ס'ווערט מיין שלייף ־ אַלץ אָפטער מיט ווייסן שוים פאַרשפּריצט.

נאָר איינס האָט זיך פון דעמלט גאָרנישט נישט געביטן,
כאָטש איר זענט אויף שטענדיק פאר מיינע טריט אוועק —
ס'טראָגט מיין שיפל אַלץ נאָך אינעם וועסנע־ציטער
פארביקע און זוניקע סודות אויף זיין דעק.

1956

## זאָל דיך, מיין פריינד, נישט פארדריסן

זאָל דיך, מיין פריינד, נישט פארדריסן —
איך וויל נישט פון דיר קיין „גוט מאָרגן".
פאַר מיר איז אין יעדער באַגריסונג
געפאר פון צעשיידונג פארבאָרגן.

באַגריסט מיך — איך זע, ווי געזעגנט
עס ווערן פארלאנגען דערוואכטע.
אַ ברוגזער זאָלסטו נישט פרעגן,
פאַרוואָס כ'ענטפער אָפּ אַ פארטראכטע.

אַ מענטש קאָן דעם צווייטן באגריסן.
מיט זיך רעדט אַ מענטש נאָר דורך שווייגן.
שוין צייט, אז דו זאָלסט פון דעם וויסן:
איך בין אויף דיין קאָרע אַ צווייגל.

# פונוואַנען קומט צו מיר דער אומעט

כ׳האָב איינמאָל דעם אומעט
אין וועלדל באַגעגנט.
ווי איך, האָט ער בלומען
געזוכט אין דער געגנט.

איך האָב אים געמיטן,
און ווידער געטראָפן.
דאָס וועלדל — א שיטערס,
די סטעזשקעלעך — אָפן.

אזוי האָט געדויערט
א שעה און א צווייטע,
דער אָוונט, א גרויער,
פארהילט האָט די קווייטן,

מיט גאָלד־מעל פארווייעט
די גראָזן און בלומען.
אויף איינע פון זיי האָט
געדרימלט דער אומעט.

די בלום כ׳האָב צומאָרגנס
דערזעען צעבראָכן
אין קרענצל פארבאָרגן,
וואָס איך האָב געפלאָכטן.

אזוי איז פון דאַן אָן
פאַרבליבן, מיין ליבער:
די בלומען — פאַרוויאַנעט,
דער אומעט — געבליבן.

1955

# עמעט טיל

מיסיסיפּי, שוואַרצער טייך,
האָסט געהערט דעם קורצן שאָס?
עפּן אויף דיין מירמל־שלאָס,
בעט אַריין דעם שפּעטן גאַסט.
ער איז רויט פון בלוט און נאַס.
דיינע כוואַליעס ווערן רויט —
מיסיסיפּי, ער איז טויט.

מיסיסיפּי, רויטער טייך,
קענסט דעם נעגער עמעט טיל?
קענסט זיין אַלטן פעטער בישט?
ער האָט ווייסע פּיס געקושט:
„פערצן יאָר איז אַלט מיין טיל,
פערצן יאָר איז נישט קיין סך,
פערצן יאָר איז נישט צו פיל.
ווייסע, וואָס האָט איר פאַרטראַכט?"

ווייסע, וואָס האָט איר פאַרטראַכט!!

מיסיסיפּי, שוואַרצע נאַכט.
צוויר, צוויר, צוויר — אַ פויגל זינגט,
הו־אַ־הו — אין צווייג אַ ווינט.
הו־אַ־הו — אַ ברייטער טייך
און אַ שיפל טראָגט זיך לייכט.

אפשר האָסטו, קינד, געמיינט
מיטן פייף — דעם ווינטס געוויין?

מיטן פּיסק — אַ ברייטן טייך
און אַ שיפל טראָגט זיך לייכט,
און אַ פויגלס הויכן קוויטש?
ווייסע אויגן, שווארצער לינטש.

מיסיסיפּי, שווארצער לינטש,
לאָז ארויס דעם יונגן גאַסט
פון דיין מירמל־שלאָס אין זאַמד.
כ׳וועל אים פירן גאַס נאָך גאַס,
שטאָט נאָך שטאָט און לאַנד נאָך לאַנד
ביי זיין שווארצער טויטער האַנט.

ווייטער, ווייטער פון דיין ברעג,
ער זאָל וועקן האַס און שרעק.

נאָר זיין בלוט וועט בלייבן טיף,
אין דיין אינגעווייד אַ פלעק,
ביז עס וועט אַ ווייסע שיף
אים נישט נעמען אויף איר דעק
אינעם ריינעם בלוט־קאָליר
אָפּצושווענקען סם פון האַרץ.

מיסיסיפּי, גוטער טייך,
ער וועט קומען צריק צו דיר
אָן דער קויל אין קאָפּ און שוואַרץ.

מיסיסיפּי, רויטער טייך,
האָסט געהערט דעם קורצן שאָס?
עפן אויף דיין מירמל־שלאָס,
לאָז ארויס דעם שטורעם־ווינט,
הייב די כוואַליעס ביז צום ראַנד.

מיסיסיפּי, אין דיין לאַנד
האָט מען אומגעבראַכט אַ קינד,
האָט מען אומגעבראַכט אַ קינד.

## אויב...

אויב מיין האַרץ דאַרף ווערן ברענגען
בלויז איין וויטיקלעכע רגע,
אָדער שווערער מאַכן, ענגער
ווערענס אויסגעבענקטע וועגן,

אויב איך דאַרף א שאָטן ווערן
פון א ליכטיקייט נישט מיינע,
אויב א קנייטש אויף ווערענס שטערן,
אויב א פלעק אויף פרעמדע שיינען —

איז מיין האַרץ מיר מער נישט נייטיק,
זאָל א ווילד־גראָז עס פארשפּינען.
איך וועל אויפנעמען דעם ווייטיק
און אַ טרייסט אין אים געפינען.

1955

# פאר יעדן שלעכט געשטעלטן שפּאַן

פאר יעדן שלעכט געשטעלטן שפּאַן
באַצאָל מיט טעג, באַצאָל מיט נעכט.
געדענק: סע קאָן קיין גוטס נישט זיין,
ווו ס'האָט זיך אָנגעהויבן שלעכט.

דו צאָלסט און צאָלסט — דער חוב וועט בלייבן.
עס איז געשען, דאָס הייסט: ס'איז דאָ,
ס'וועט זיין צום נישט פארטרייבן,
א שלעכטער טראָט, אַ פאלשער שפּאַן.

האָסט זיך געקוּוּענקלט איין מינוט, —
געוואָלט וואָס בעסער זיך פארהיטן.
פארצייכן איצט מיט אייגן בלוט:
נישטאָ קיין צווילינגן־מינוטן.

האָסט נעכטן יאָ געקענט, היינט — נישט.
און מאָרגן איז נישט היינט, נישט נעכטן.
א וואַקל זיך געטאָן דער וועג
צוליב איין שפּאַן, צוליב א שלעכטן.

1934

## צו איינעם א פּאַרטייער

אפשר איז דאָס אָרט, וואָס דו האָסט אויסגעטיילט פאַר זיך, צו גרויס?
אפשר איז געבליבן צווישן דיר און אנדערע א בלויז?

אפשר איז צו קוקן אויפן לעבן מיט איין אויג נישט רעכט,
דורך א ליופּע אויסצוטיילן: דאָס איז גוט און דאָס איז שלעכט?

אפשר דרינגט ארויס דאָס גוטע פונעם שלעכטן דורכאַנאַנד?
אויפן חשבון פון דיין האַרץ שפּרייט אפשר אויס זיך דער פאַרשטאַנד?

אפשר, ווייל דו שטעקסט צו לאַנג שוין אין די הויכע מירמל־ווענט,
זעסטו נאָר פאַר זיך דעם מויער, נישט דעם שטיין פון פונדאמענט?

אפשר האָסטו, ווי א פונק זיך אָפּגעריסן פונעם פלאַם
און דערקענסט נישט פונדערווייטנס, אַז דאָס פייער איז — דיין שטאַם?

אפשר האָסטו אָפּגעשטויסן פונעם עיקר דיין געדאַנק,
צווישן הוילן גלאַנץ און פּשטות — אויסגעקליבן דאָס, וואָס ס׳בלאַנקט?

אפשר האָסטו שוין פאַרגעסן, ווי מען ווארפט זיך אין געפאַר
און מען פאָדערט נישט ביי קיינעם, נישט ביי זיך קיין לוין דערפאַר?

אפשר זוכסטו דעם נצחון דאָרט ווו ווערטער קלינגען שיין?
אפשר מיינסטו, אז אָן העלדן קאָן זיך אונדזער צייט באַגיין?

עפּעס איז געגאַן פאַרלוירן פון דער וואָג און פון דער ווערט.
עפּעס איז געגאַן פאַרלוירן, עפּעס איז אין דיר צעשטערט.

1955

## צו...

באַפּריי פון דעם משונהדיקן קראַנץ דיין שטערן —
עס פּאַסט דיר פּשוט נישט דער „אָרעאָל".
איך וויל דיך זען אזא, ווי ביסט געווען אַמאָל,
ווען דו האָסט נאָך געקענט צעווייגען זיך מיט טרערן.

נישט דאָס איז שלעכט, וואָס קעמסט דעם קאָפּ „אַ לאַ סימאָנע",
וואָס דיך פאַרכאַפּט פון דזשעז דער גרילצן־קלאַנג.
איך מייד זיך אויס צו אָפּט מיט דיין געדאַנק,
און נישט דיין פּנים בלויז ווערט שווער מיר צו דערקאָנען.

1955

# א געשפּרעך מיט א חבר

ס׳איז נישט לייכט דורכן לעבן צו גיין מיט געהויבענעם קאָפּ.
צו לאנג איז געווען דער נאַקן געבויגן אַראָפּ
עס טרעפט נאָך, עס טרעפט, אז א פלאמיקער, דרייסטער געדאַנק
ווערט פארשריגן מיט שפּאָט און געטראָטן מיט פיס, ווי א שלאַנג,
אז א מענטש צו א מענטש איז א וואָלף. נאָך פאַראַן אזא האַרץ,
וואָס איז שטום, ווי א שטייענדיק וואסער פארשליימט און פארשווארצט.
נאָך פאראן אזא אויג, וואָס אין פינצטערניש בלויז עס דערזעט.
עס טרעפט, אז א האַנט פון א חבר שטרעקט אויס זיך צו שפּעט.
נאָך פאַראַן אזא מויל, וואָס טוט אָן טויזנט שמייכלען אויף זיך,
אָנשטאָט האַסטיק א שפּיי טאָן אין עמעצנס גלאַנציקן פּליך.
נאָך פאַראַן, נאָך פאַראַן אזא גלייכגילטיק, קיילעכדיק וואָרט,
וואָס קלינגט לייטיש און פרום און — טויט אָפּ יעדן טרוים אויפן אָרט,
נישט געוואָנדן צו קיינעם און, דאַכט זיך, אין קיינעם געצילט.
יאָ, איך ווייס, כ׳האָב נישט איינמאָל אויף אייגענער הויט דאָס געפילט.

ס׳איז נישט לייכט דורכן לעבן צו גיין מיט געהויבענעם קאָפּ.
צו לאנג איז געווען דער נאקן געבויגן אראָפּ.
צו לאַנג האָבן לונגען געאָטעמט מיט ליגן און שלעכטס.
אין א ווינקל פארשטעקט לעבט ער אלץ נאָך, דער נעכטיקער קנעכט,
און ס׳איז לייכטער דער שטרייט מיטן פיינט, ווי מיט אייגענער הויט,
ווען עס לויערט א גרעסער געפאר אויף דײַן לעבן, ווי טויט.

ס׳איז נישט לייכט דורכן לעבן צו גיין מיט געהויבענעם קאָפּ,
ווער עס קאָן נישט דערטראָגן דעם קאַמף ביזן סוף, דער פאלט אָפּ.
אָן געוואַגטקייט און טאַט, אָן א אמת, וואָס פלאַקערט, איז שווער.
ביסט אָן דעם, ווי א זעלנער אין ברען פון א שלאַכט אָן געווער.

רייס מיט עקל ארויס פונעם האַרץ דעם פארשאָלטענעם קנעכט
און רוף אויס אויף א קול: דאָס איז שלעכט, אויב דו זעסט, אז ס׳איז שלעכט,
אָן דער שרעק, אז ס׳וועט וועמען צעשטערן די רו דיין געשריי.
ביסט אליין? נישט אליין. אין דעם קאַמף איז מיט דיר די פאַרטיי.

1955

# צו אַן אײנזאַמען

א מענטש האָט צוויי אויגן, נישט מער,
א מענטש נאָר איין שכל פארמאָגט,
גענוג איין געזאַלצענע טרער
דעם אויג זאָל זיין פינצטער בייטאָג.

גענוג בלויז איין האַסטיקער שטויס,
דער שכל זאָל ווערן פארקרומט.
איין האַרץ — מעג דאָס הארץ זיין ווי גרויס —
ווערט עס אין עלנדקייט שטום.

פאר וואלדיקע סטעזשקעס קאָן זיין
איז גוט א פאראיינזאַמטער גאַנג.
דאָרט דראָט נישט מיט שרפה די שיין,
נישט דאָס, וואָס דער שאָטן פאלט לאנג.

נאָר ווער ס'וועט זיך לאָזן אליין
די זון צו דערגרייכן, איר קרוין,
דער וועט צו דער זון נישט דערגיין,
אן אָפגרונט וועט ווערן זיין לוין.

ווער ס'רוקט זיך ארויס אויבנאָן,
און לאָזט הינטער זיך א פוסט אָרט,
דער שטעלט אין געפאר איין זיין פאָן,
דעם אמת פון הייליקסטן וואָרט.

1955

## פון א דיסקוסיע

שוואַרץ איז שוואַרץ און פלוידער נישט: ס׳איז ווייס,
ווער וויל עס זיין פון עמעצן גענאַרט?
דער שטרענגער שכל פאָדערט א באַווייז.
דו שרעק אים נישט מיט שאָטנס פון געפאַר.

צי איז דאָס האַרץ דען נישט געוווינט צו גיין
אַנטקעגן ווינט, דורך פייער און דורך קעלט?
נאָר פריער וויל איך וויסן, כ׳וויל פארשטיין,
אז ס׳איז מיין קאָמפּאַס ריכטיק אָנגעשטעלט.

רעד צו מיר נישט סודותדיק־פארהילט.
רוף ביים נאָמען אָפן אָן דאָס שלעכטס.
און מעסט נישט, צי דו האָסט געזאָגט צו פיל,
נאָר צי דיין וואָרט איז קלאָר, צי ס׳איז גערעכט.

ווער האָט אויסגעטראַכט דעם בייזן שפּאַס
צו האַלטן ווי א הונט דעם אמת אויף דער קייט?
דו זעסט, ווי ער באַפאַלט אַצינד די גאַס
און רייסט, ווי שטיקער לייב, די פאַלשע רייד?

ס׳איז שווער זיך אויסצושיילן פון דער הויט,
ווי פון אן אָפּגענוצט, צעריסן העמד,
אז דאָס, וואָס איז געווען טאָג־טעגלעך ברויט
זאָל פּלוצלינג ווערן עקלדיק און פרעמד.

כ׳וועל אויסטרינקען דעם בּעכער מיט איין שלוק,
ווי ס׳נעמט א קראַנקער א רפואה איין.
נאָר דו דערוויז מיר נישט געלערנט־קלוג,
אז ס׳איז דאָס ביטערניש אין בעכער — וויין.

1956

## צו מײַן פּאַרטײ

איך וויל, אַז גלײַך זאָל זײַן מײַן וועג צו דיר און ריין,
ווי גלײַך ער איז פון מענטש צו זיך אַליין.
אַז זעלבסטפאַרשטענדלעך זאָלסטו זײַן, ווי ברויט,
ווי לופט, ווי דאָס, אַז אונדזער בלוט איז רויט.
איך זאָל בכוח זײַן אין יעדער צײַט און אָרט
באַווײַזן מיר אַליין דעם אמת פון דײַן וואָרט.

איך וויל, אַז דו זאָלסט אָפּשאַצן גערעכט מײַן ווערט
און נעמען אַלץ, וואָס איז צו געבן מיר באַשערט –
קיין טראָפּן בלוט זאָל מיר נישט בלײַבן פאַרן ווינט.
דײַן קראַפט זאָל מײַנע זײַן, און דײַנע — מײַנע זינד.
און וויל נישט קומען, נאָר אין דיר אָן אויפהער זײַן,
ווי ס'איז דער שטראַל אָן אויפהער אין זײַן שײַן.

1955

# מײַן וואָרט

איך זע די שוואַרצע האַנט, וואָס גרייכט צו מײַן אָרטע,
אַז בלוט זאָל ווידער פאַלן קלעפּיק אויף דער ערד.
אָפּן בלײַבט מײַן האַרץ און האַרט, ווי שטיין דאָס וואָרט איז,
וואָס טרעפט אין מיר מיט פאָרוואָרף דראָענדיק און שווער.

דאָס וואָרט, וואָס איז געווען א פייל מיר און א טורעם
דאָס וואָרט, וואָס האָט באַוואָפנט אין זײַן קאַמף מײַן קלאַס –
איצט קומט עס צוריק צו מיר, — א בלוטלאָז וואָרט, אָן אָרעמס,
מיט אויסגעקריצטע צייכנס פון ווייטיק און פון האַס.

איך נעם אויף זיך די שולד פאַר דעם, וואָס ס'איז געלונגען
דעם שונאס שוואַרצע האַנט זיך בײַלן אין אַ פויסט.
מײַן וואָרט איז קליין געווען צו זעטיקן דעם הונגער,
דערפאַר האָט עס דער שונא אויף זײַן געשריי פאַרטוישט.

אָ, טו אויף מיר נישט אָן פון פאַלשער רו קיין פּאַנצער.
זאָל ברענען, ווי א קויל מײַן וואָרט, וואָס קומט צוריק.
ביז וואַנען ס'וועט מיט ליכט, מיט אמת ווידער גלאַנצן
און ווערן, ווי א מאָל, דער פאָרגייער פון גליק.

1955

* *
*

איך מאָן בײַ זיך די אומגעקומענע. אומזיסט.
זײ זענען שױן נישטאָ. אָן שולד פֿאַרשניטן.
פֿאַראַט האָט זײ אױף מערדער אױסגעביטן
און מאָרד האָט זײ דעם לױטערן געדאַנק פֿאַרװיסט.

איך מאָן פֿאַרצװײפֿלט די, װאָס זענען שױן נישטאָ.
פֿאַרשפּילט א שלאַכט. דער פֿײנט האָט מיך פֿאַרשלעפּערט,
באַהאַלטן פֿאַר מײַן אױג דעם פֿלאַם פֿון שרפֿה
און אָנגעשטעלט מײַן װײַזער לױט זײַן שעה.

פֿאַרשפּילט א שלאַכט. כ׳װיל אין דער הױך דאָס זאָגן,
מײַן שטים זאָל גרײכן ביז צום קעניגרײַך פֿון נאַכט:
איר זענט קרבנות פֿון א שלאַכט,
זאָל לײַכטער זײַן די ערד אײַך צו דערטראָגן.

1955

# איך גיי צו דיין קבר

איך גיי צו דיין קבר אָן קרענץ און אָן בלומען,
איך גיי צו דיין קבר און כ׳קאָן נישט דערקומען.
ווער ווייסט, ווו די קויל האָט דעם וועג דיר פאַרלאָפן?
ווער ווייסט, אויב דער וועג צו דיין טויט איז שוין אָפן?
די האַנט, וועלכע האָט דיך געשמיסן מיט אייזן,
די האַנט וועט דעם וועג צו דיין גרוב מיר נישט ווייזן.

איך גיי צו דיין קבר אין דרייען געבויגן,
איך גיי צו דיין ווייטיק מיט טרערן אין אויגן.
דאָס האַרץ ווערט פון צאָרן צעריסן אויף שטיקער.
ניין, קיינער וועט קיינמאָל די פיין נישט דערשטיקן,
ניין, קיינער וועט קיינמאָל מיין וואָרט נישט פארטויבן.
דו מוזט מיך דערהערן: איך גלויב דיר, איך גלויב דיר.

# בלעטלעך פון א ביאָגראַפיע

ראָמעק ב. געוווידמעט

ער שטייט פאַר א באַרג, וואָס דערלאַנגט מיט די שפּיצן
אַהין, ווו עס ריידן נאָר וואָלקנס מיט בליצן,
ווו דונערן רופן זיך איבער און עכאָס
קייקלען זיך דראָענדיק־שווער און צעברעכן
די גרויזאמע קראַפט אויף דער שארף פון גראַניטן.
דער באַרג ווערט פון אדלער מיט שרעק אויסגעמיטן,
עס וואַקסט אין זיין שאָטן קיין גרעזל, קיין קוסטל.
אַ שלאַנג וועט נישט וואגן מיט נאַקעטע ברוסטן
די ערד צו באַרירן, די איינזאמע שטיינער,
און ס׳דאַכט זיך, נישט וואגן וועט קיינמאָל שוין קיינער.

פאַרגליווערטע לויטערקייט שטייט אויף די שפּיצן
און ווערט נישט צעשמאָלצן פון ווינטיקע היצן —
די נאָענטע זון הענגט אן אָפּענע, גאנצע
און שטראַלן, ווי טראָפּנס פאַרפרוירענע גלאַנצן.
די זון, אָ, די זון צווישן בליצן און כמאַרעס, —
דער באַרג נעמט איר שיין צו און ווערט נישט דערוואַרעמט,
דער בארג נעמט איר ליכט צו און ווערט איר באַגרעבער —
ער גיט קיין געוויקס, נישט קיין חיה קיין לעבן.
זויגט אויס אירע שטראלן, איר גאָלד, ווי א רויבער
און בלייבט א פאַרגליווערטער, שטומער און טויבער.

אָ, ווען וועט די זון פון איר הויכקייט א פאַל טאָן
אויף שטויב צו צעררייכן דעם אייז־באַרג, דעם קאַלטן!

1.

זיין פֿאָטער איז געפֿאַלן אין די טעג
פֿון אומרעכט און פֿון שווערע זינד.
סע האָט זיך אָפּגעהאַקט פֿאַר אים דער וועג —
א יינגל איז ער נאָך געווען, א קינד.

דאָס לעבן איז געוואָרן, ווי אַ שטיין —
פֿאַר שמאָלע פּלייצעס צו דערטראָגן שווער.
די מאַמע — ווייט, גאָר ווייט. און ער — אַליין.
אין קינדערהיים א יינגל, אַ פֿאַרקלערטס.

2.

ער פּרוווט דערמאָנען זיך, פֿאַרשטיין. אומזיסט.
דער נאָענטער אַמאָל, ווי שפּינוועבס דין.
זיין טאַטע איז געווען א קאָמוניסט...
און ווייטער וואָס? אַוועקגעפֿירט. וווהין?

די נאַכט איז נאָר געבליבן פֿאַר זיין בליק.
ער וועט נאָך יאָרן ערשט פֿאַרשטיין די נאַכט.
זיין טאַטע וועט נישט קומען מער צוריק,
נאָר קומען וועט אין יונגן האַרץ פֿאַרדאַכט,

וואָס וועט זיין יוגנט נאָכגיין טריטביי טריט,
אין צווייפֿל זיך פֿאַרבייטן שטילערהייט.

3.

...ער קלאַמערט זיך אין מאַיאַקאָווסקיס ליד,
אין די פֿאַרבאָטענע יעסיענינס רייד,

און טרינקט מיט נייגער יעדן נייעם טאָג,
ווי ער זאָל זיין א תשובה שולדיק אים.
נאָר ס׳האָבן טעג אים גאָרנישט נישט געזאָגט,
ווי עמעצער וואָלט זיי דערשטיקט די שטים.

4.

ער לערנט, וואַקסט אינאיינעם מיט דער צייט.
חברים זאָגן: שווער אים צו פאַרשטיין,
און ער אַליין באַקוקט זיך פון דער זייט,
און ער — וואָס ווייסט ער וועגן זיך אַליין?

ער רייסט זיך אויף נישט איינמאָל פונעם שלאָף
צו ממשיך זיין דעם גרויליקן דיספוט:
— איין טויט איז פאר פאַראַט א קליינע שטראָף.
ער הערט זיך איין אין לויף פון אייגן בלוט,

ווי ער זאָל נישטערן אין זיך א שפּור,
אַ שאָטן פון א פרעמדנס בייזן גייסט.
אַ דולער רייסט ער פונעם קאָפּ די האָר
און יאָמערט אין דער נאַכט אַריין: באַווייז!..

5.

וואָס מער די צייט דערווייטערט אים פון דעם,
אַלץ קלאָרער זעען אים די בילדער אויס.
זיי גייען פון זכרון אויף, ווי פון א רעם
און יעדער פּרט צעוואַקסט זיך און ווערט גרויס,

...אָט ליגט ער, א צעפלאַקערטער אין בעט,
זיין הענטל אין דעם טאַטנס גרויסער האַנט.
און ווידער הערט ער וועגן ק. פּ. פּ.
און זעט דעם ברעג פון ווייסל דורך דער וואַנט.

ער זינקט אין מילדן האַלב־שלאָף, נאָר ער הערט
אין טאַטנס קול א ציטערדיקן קלאַנג.
און ס׳דאַכט זיך אים, אים דאַכט זיך, אז נישט ער,
נאָר אז די האַנט, וואָס צערטלט אים, איז קראַנק.

6

...ער לערנט, וואַקסט אינאיינעם מיט דער צייט
און גיט דער צייט זיין יוגנט־האַרץ צושטייער.
פֿאַמעלעך לעשט זיך אויס אין אים דער שטרייט, —
ער ווערט אַרומגעכאַפּט פֿון פֿלאַמען נייע.

פֿאַרזייטע זוימען אין די קינדער־טעג
צעשפּאַלטן זיך און ווערן רייף מיט פּירות.
ס'ווערט גראָד און זיבער־ליכטיק ווערט זיין וועג,
פֿאַרטרוקנט און פֿארגעסן — וייטע טרערן.

מיט יעדן חוש ער טרינקט די פֿרייד, ווי ווייַן,
און ווערט זיך קעגן יעדן שפּור פֿון ווייטיק.
ביז זעלבסטפֿאַרשטענדי'לעך ווערן אים, ווי שיין
די אמתן צייקייעטע און גרייטע.

7

...נאָך איידער ער וועט אויסשטרעקן די האַנט
דעם קאָמסאָמאָלישן בילעט צו נעמען,
מוז זיין געוויסן דורכגיין דורך דער בראַנד,
דאָס יונגע האַרץ — דורך פֿייער פֿון גיהנום.

דעם לעצטן, לעצטן פֿאָדעם, וואָס אים בינדט
ער וועט אַליין, אָן ציטערניש, צעררייסן,
אז זיין געוויסן ריין זאָל זיין פֿון זינד.
ער מוז, ער וועט עס זיך אַליין דערווייזן.

צעוויקלט פֿון דער צייט פֿאַרגעלט פּאַפּיר —
אַ שמייכל שיינט אַרויס פֿון די פּאַפּירן.

אָ, ווער, אָ, ווער וועט עס באַצאָלן דיר
פֿאַר דעם, וואָס ווּעסט אויף אייביק באַלד פֿאַרלירן?!

8

א ליכטל אויף דער ערד, ווי ביי א מת צוקאָפּנס.
דער גלאַטער שטערן גלאַנצט מיט קליינע, קאַלטע טראָפּנס.

דאָס פלעמל לעקט די האָר, דערנאָך אַ ברעם, דעם שמייכל
און קריכט דערשטוינט צוריק און ווערט פאַרדינט און בלייכער.

אַ שפּיץ פאַרבייגט זיך לייכט — א טרוקן, האַרבסטיק בלעטל.
דאָס שטאַרבט צום לעצטן מאָל אין אַנגסטן א פאַרעטער,

מיין יינגל, ווען דו גיסט איין קאַרגע טרער צושטייער,
וואָלט לייכטער דיר געווען און אים, אין קלעם פון פייער.

9

נישט איינמאָל וועט ער אומקערן זיך שטרענג
צו יענער נאַכט, צום צאַנקנדיקן ליכטל.
נישט איינמאָל נאָך אין וויסטע נעסט פון שלענג
וועט ער לויט יענער זויבערקייט זיך ריכטן.

נישט איינמאָל וועט ער, א פאַרפאָלגטער ווילד
דורך אייגענע געדאַנקען נישט דערלויבטע,
ארויסרופן פון גרויען אש דאָס בילד
און פרעגן ביי דעם שמייכל, צי ער גלויבט אים.

אזוי ווערט פאַר א שטורעם שטיל דער ים,
אַזוי דער ווייטיק פאַרן טויט ווערט לינדער.
געענוג וועט זיין, געענוג איין טראָפּן סם
די נאַכט זאָל אויף זיין קאָפּ אַ פאַל טאָן ווידער.

10

א וואָרט, זיין מאַמעס וואָרט האָט אים דעריאָגט,
מיט נסים איז צו אים איר וואָרט דערגאַנגען
נאָך איידער ער זיין קללה האָט דערזאָגט,
ווען ס'האָט דעם האַרץ געקאָנט נאָך עפּעס באַנג טאָן.

דער מאַמעס וואָרט — פון בלוט די הייסע שטים,
דאָס ליד דאָס ערשטע וועגן פּענער רויטע.
איר וואָרט גייט אויף, ווי זונען־שיין אין אים.
— „מיין טאַטע״ — וועט ער אָנרופן דעם טויטן.

11

„...האָב, מאַמע, אויף מיר קיין פאַראיבל,
וואָס איך האָב צו דיר נישט געשריבן.

איך האָב אַזוי, טייערע, מורא,
אַז דו זאָלסט נישט גיין מיר פאַרלוירן.

דיין בליק זאָל נישט ווערן צעשווימען
אין שיטערן וואסער פון הימל.

איך זאָל נישט פארגעסן דיין צייכן —
די ווארעמע האנט און דיין שמייכל.

אין מדבר פון אייז, האָב איך מורא
דיין הארץ זאָל נישט ווערן פארפרוירן.

מיין צארטע, גערעכטע, מיין גוטע,
מיין אָרעמע, איינזאמע מוטער...״

ער שרייבט אזוי מיט ציטערדיקן האַרץ,
די גאסן — שורות און די נאכט א טינטער.
דער הימל, ווי אַ ברונעם טיף און שוואַרץ.
א בליץ לויפט אָן פון ערגעץ און צעצינדט אים.

ווו איז זי איצט? צי לעבט זי נאָך? פון פיין
ער בלאָנדזעט אום, א שיכורער, פארטראָגן.
ביז ס׳פאַלט אַראָפּ דער ערשטער טראָפּן שיין,
ביז ס׳הייבט די לעצטע נאכט־שעה אָן צו טאָגן.

12.

לעש, וואָלגע־טייך, דאָס פייער אין זיין ברוסט,
זאָל אָפּהיטן דיין ברעג פון אומגליק זיינע טריט,
ביז וואַנען ס׳וועט נישט ווערן אים באַוווסט
ווער ס׳האָט פאַרזייט די קערנער פאַר דעם שניט.

דער טאָג וועט אָנקומען דורך ווייטיק און דורך פּיין.
פון נעפּלען וועלן אויסטאָן זיך קאַיאָרן־רויט.
ער וועט דער שופט דער גערעכטסטער זיין
ביים משפטן די שוין פארמשפטע צום טויט.

13.

אַזוי פאַרגייען יאָרן, גייען אויף
און גאַרטלען אים ארום מיט הארטע רייפן.
אַלץ ענגער ווערט ארום דעם האלדז די שרויף —
ווו זענט איר, טעג פון האָפענונג און צווייפל?

אָ, ניין, ער צווייפלט שוין נישט מער. ער ווייסט.
און ווי אַן אָפּגרונט פינצטער איז דאָס וויסן.
ווו זענט איר, טעג פון ביטערניש און טרייסט,
ווו זענט איר, טעג פון לויטערן געוויסן?

14.

„צווייאונצוואַנציק הייסע יאָר,
ברוינע אויגן, שווארצע האָר,
אין די אויגן — אומעט.

גיב אַ הויכן לאַך, מיין ליבער,
ס׳וועט מיר טויזנט מאָל זיין ליבער
פון די שענסטע בלומען.

עפּעס איז דיר. זאָג מיר וואָס?
גראָבסט דאָס פּנים איין אין גראָז,
כ׳הער דיין גיכן אָטעם.

איבער אונדז איז ריין דער הימל,
נאָר אין זיינע אויגן שווימען
וואָלקנדלעך און שאָטנס.

כ׳וויל דיך לערנען שטילערהייט,
פריינד, דעם אלף־בית פון פרייד, —
ווייסט דאָך נישט, וואָס פרייד איז.

האָב איך מורא, דיינע אויגן
אָן דעם אומעט־זייד פארצויגן
וועלן בלייבן ליידיק.
וועלן בלייבן ליידיק...״

15.

ווער איז שולדיק אינעם שוידערלעכן מאָרד,
און ווער באשיצט פון שטראָף איצט די תלינים?
נאָר ס׳גרייכט נישט ווייטער פון דער קעל זיין וואָרט,
נאָר אויסגעצויגענער און בלייכער ווערט זיין פּנים.

דער ענטפער פויזעט באַקעט, ווי אַ שלאַנג
און רינגלט אים ארום פון אַלע זייטן.
אָט באַלד האָט ער שוין ביז צום הארץ דערלאנגט
און וועט אויף סם דאָס בלוט פון הארץ פאַרבייטן.

16.

„אליין דער שופט, דער געמשפּטער אליין,
אליין דער קרבן פון פארברעכן.
מיט וועמען וויל איך איצט צו אַ דין־תורה גיין,
און וועמען וויל איך זען פאר דעם געריכטן?...

ווי הייסט די קראַפט, וואָס האלט מיך אָפּ פון בייז,
וואָס איז צוגלייך מיין פיין און זין פון לעבן?
איך וויל פון איר נישט ווערן אויסגעלייזט,
און אירע זינד איך וויל איר נישט פארגעבן...״

17.

אין אָפּגרונט פֿון זיין אויג, פֿון קאַלטן אַש
גייט אויף אין ליכט אַ נישט פֿארברענטער שמייכל.
פֿון ווייטיק נישט גערירט, נישט אויסגעקרומט פֿון האַס —
ער קומט א ווארענונג צו זיין אים און א צייכן.

1955

# א פלעק

איר פּרוווט אומזיסט ארום דעם פייער טאַנצן —
נאָר איך קאָן אויסהאַלטן זיין גלאַנץ און פלאַם.
איך וועל ארויס פון אים געשטאַרקט, א גאַנצע
און ריין פון גיפט, וואָס האָט מיין בלוט פארסמט.

איר זעט דעם רויך און בלויז דעם רויך פארשטייט איר —
ווי איר אליין, איז זיין קאָליר דאָך שוואַרץ.
זאָל זיין, אז ס׳וועט מיר לאַנג נאָך, לאַנג נאָך ווײ טאָן —
די וווּנד איז טיף, ווייל אָפן איז מיין האַרץ.

נאָר גיך וועט איר צוריקציען דעם שמייכל
מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, פול מיט שרעק.
און ס׳וועט אויף אייער האַנט, אויף אייער ווייכער,
פארבלייבן רויכיק און געדיכט א פלעק.

1956

# א פרעמדער

א בליץ האָט צעשניטן די מאַסקע פון נאַכט,
די נאַכט איז געוואָרן צעריסן.

לאַכט ער צום פלעשל אין שויבֿ־פענצטער, לאַכט
און פּרוווט דעם שלאָס מיט זיין שליסל.

אַ דונער, א דונער. דעם נאַכטיקן דאך
שפּאַלטן בליצן — שווערדן פארשפּיצטע.

טראַכט ער געמיין: ס׳איז פאר מיר אזא נאַכט
און גנבעט ביים שיין פון די בליצן.

ביין, ביין, בישט פאר דיר צינדט זיך אָן איצט דער ראַנד.
די נאַכט וועט באַלד דורכזיכטיק ווערן.

א שטראַל רייסט דעם שליסל ארויס פון זיין האַנט
מיט שיין פון ליכטיקע שטערן.

1956

## מאי 1956

א מײַ אַזאַ האָט נישט געזען נאָך קײנער,
אין פֿעברואַר האָט זיך דערהערט זײַן ערשטער שאָס.
פֿון גריבער זענען אױפֿגעשטאַנען בײנער
און אױף די בײנער האָט באַװיזן זיך א קנאָספּ.

א דונער האָט דעם גליװער אײנגעבראָכן,
פֿון הינטער שנײ האָט דורכגעשלאָגן זיך א זאַנג.
דעם װונדערלעכן מאַי, דעם מאיקן נצחון
װעט א לעגענדע נאָכגײן דורות, דורות־לאַנג.

די ערד איז פֿול מיט ביטערניש פֿון װאַקסן,
נישט יעדער אױג טײלט אָפּ דערװײַל איר זאַפֿט פֿון סם.
נאָר ס'ציען זיך צו נײַע פֿליגלען אַקסלען
און נײַע װעגן מעסטן זיך מיט אונדזער שפּאַן.

א גרוס דעם מאַי פֿון די אָקטאָבער־װינטן,
מיר האָבן לאַנג שױן זײער פֿלאַטער נישט געהערט,
צו אײנהיטן די מאַי־בלום פֿון א װינטער,
זײַט אונדז אָקטאָבער־װינטן, פֿרײַע, דאָס געװער.

# א חשבון מיט זיך

איך אַנטלויף נישט פון אייך,
איך אַנטלויף נישט פון אייך.
ווי קאָן א געוויקס פון זיין וואָרצל אַנטלויפן?
ווי קאָן פון זיין וואסער אַנטלויפן דער טייך?
איך האָב נישט פון שרעק פארן אָפּגאָט געטויפט זיך,
נישט קיין כבוד געזוכט,
קיין עשירות געוואָלט.
איך האָב מיין פארמעג אים אַנטקעגן געטראָגן —
דעם גלויבן אין מענטש. נאָר עס האָט זיך מיין גאָלד
אין אומרעכט פאַרוואַנדלט אין גיריקן מאָגן,
אז איך האָב שוין מער זיך אליין נישט דערקענט.

דאַן איז די שרעק, ווי א רויבער געקומען.
דאָס וואָרט, ווי א ווונד צוגעקלעפּט צו דעם גומען,
אין קייטן פון שווייגן פארקאָוועט די הענט.

כ׳וואָלט בעסער איניינעם מיט אייך אומגעקומען —
דאָס האַרץ זאָל נישט זיין, ווי א מדבר פארברענט.

איך אַנטלויף נישט פון אייך,
כאָטש איר זענט פאר מיר ווייטיק,
כאָטש איר שטעלט זיך איצט צווישן דער פרייד און מיין וואָרט.

אַנטלויפן פון אייך הייסט אייך נאָך אמאָל טייטן,
אַנטלויפן פון אייך הייסט באַרעכטיקן מאָרד.

ניין, רינגלט ארום מיין געדאַנק מיט דערמאָנונג,
איך וויל פון דעם פלאַמיקן ראָד נישט ארויס,
איר זענט, ווי אַמאָל, א געפאר נאָר פאַר שונאים,
אין אייך וועל איך ווידער מיין כוח דערקאָנען,
אין אייך וועל איך ווידער דערפילן מיין טרייסט.

1956

# אזוי זאָל מער נישט זיין

פאַרשטאָפּ מיין געדאַנק און מיין שכל,
פאַרהאַק די פענצטער און טיר.
אפשר וועט ווערן בלייכער
דאָס בילד, וואָס הענגט אין מיר.

כ׳וועל אפשר נישט זען, ווי מען שלעפּט זיי
דורך שטומע גאַסן צו שאַנד.
לעבעדיקע, געקעפּטע,
פרעמדע אין אייגענעם לאַנד.

כ׳וועל אפשר מער שוין נישט הערן
דעם גרילץ פון מיין נעכטיק ליד.
זיי האָבן געשטאַמלט: חברים.
מען האָט זיי געענטפערט: ייד.

פאַרשטאָפּ מיין געדאַנק און מיין מוח, —
ניין, עפן די טירן פאַר שיין.
איך מאָן ביי דעם ליכטיקסטן כוח:
אזוי זאָל מער נישט זיין.

פון דער זעלביקער קראַפט א באַהויכטע,
א גלייכע מיט גלייכע איך מאָן:
ווי א ליכט דעם וועג צו באַלויכטן
הייב אויף אין דער הייך די פאָן.

1956

## אַלטוואַרג

נישט מיר שרייט נאָך דער שכן: ייד.
ער שרייט דורך זיינע קינדער צו מיין קינד.
זי שטייט, מיין טאָכטער, אינדערמיט
פון דעם געשריי, פון ליכט און ווינט,
מיין קינד, מיין איינאונאיינציק קינד.

א גלעט טאָן אירע לאָקן צאַרט?
אראָפּווישן פון אויג ס׳געוויין?
ניין, דאָס איז נישט קיין ענטפער, ניין.

מיין קינד, איך האָב דיך נישט גענאַרט,
איך האָב מיין קינד, אַזוי געמיינט.
מיט אייגן בלויט געצאָלט דערפאַר,
אז דיך זאָל אויסמיידן דער שטיין.

* * *

אין שכנס פענצטער בליט א בלום.
א פאָרהענגל באַוועגט זיך לייכט.
מיט נייקייט גלאַנצט דאָרט אומעטום.
דער טינק אויף ווענט איז דאָרט נאָך פייכט,
ס׳איז שפּוגל־ניי זיין וואָרט, גאָטס בילד
און דער קראַוואַט אין נייעם שאַנק.
נאָר ס׳נעסטעט אין זיין האַרץ א מילבּ,
וואָס פרעסט, ווי אַלטוואַרג, זיין געדאַנק.

1955

# איך בענק שוין אזוי...

איך בענק שוין אַזוי נאָך א הילכיק געלעכטער,
וואָס זאָל זיך נישט אָפּהאַקן מער אינדערמיט.
איך וויל מיינע פינגער אין דיינע פאַרפלעכטן
און רעדן מיט לויטערע אויגן א ליד.

ווער ווייסט עס, ווי דו, אז מיין האַרץ איז באַשאַפן
פאַר מילדקייט, פאַר פריידיקן קלאַנג און קאָליר.
אז קלאָר פאַר מיין אויג האָט געלויכטן דער האַפן,
וווהין כ'האָב אַנטשלאָסן מיין שיפל געפירט.

און איצט איז דער רודער באַשעדיקט געוואָרן.
אויף אָפענע וואַסערן, ווייט פון א ברעג
שפּאַלט איך מיט וועסלעס פון ווייטיק און צאָרן
די כוואַליעס, וואָס ווילן פאַרגיסן מיין דעק.

איך האָב היינט צו טאָג נישט קיין שאַרפערן וואָפן.
אזוי בין איך, ליבער, ארויס פון דער שלאַכט.
ס'איז רייכער מיט ווייטיק געוואָרן מיין האָפן
און ס'שרעקט מיינע טרוימען די קראָ פון פאַרדאַכט.

1956

## צו א פריינד ז

.1

ווען איך בלאָנדזשע אַרום
פון מיין איינזאַמקייט שווער א באַדראָטע,
ווען איך קאָן נישט דעם תחום איבערטרעטן
פון אייגענעם שאָטן,
ווען פארעקשנט, פארעקשנט איך וויל נישט פארשטיין
א גרויזאַמען ליגן, וואָס גליוועט מיין אָטעם,
אַן אמת, וואָס טרעפט אין מיין האַרץ, ווי א שטיין,
ווען מיר דאַכט זיך, אַז איך בין געבליבן אליין —
צעשניידסטו פון עלנד די שטעכיקע דראָטן.

.2

וואָס זוכן, ווי טויכער אין מיר דיינע אויגן?
דאָס האָט א פארעטער, דאָס האָט א געמיינער
געשליידערט אין מיר, ווי אין וואַסער, מיט שטיינער
און ס'האָט זיך מיין אויג, ווי מיט קנייטשן פארצויגן.

ווי גוט, וואָס איך האָב, נישט פארלירנדיק גאָרנישט,
געפונען דיין האַנט — א פינפסטרוניקע האַרפע.
זי זינגט צו מיין אומרו און ווייטיק: מען טאָר נישט —
דו האָסט מיר געזאָגט שוין אמאָל, אַז מען דאַרף נישט...

.3

אָ, טייערער, הער מיינע פריידיקע ווערטער.
אַמאָל האָט פאַרפלאַנצט א בערעזקע א גערטנער.

אז ווינטן־געריס זאָל דאָסביימל נישט שרעקן,
עס אונטערגעשפּאַרט מיט א טרוקענעם שטעקן.

אין פרילינג־צייט האָט זיך דאָס ביימל צעפרילינגט,
א קנאָספּ האָט געלאָזן דער שטעקן — זיין צווילינג.

ווייזט אויס, אז א טראָפּנדל זאַפט איז געבליבן
אין טרוקענעם שטעקן פאַר לעבן און ליבע.

ווייזט אויס, אז די וואַרעמע ערד האָט באַצווונגען,
געעפנט זיין וואָרצל צו דורשט און צו הונגער.

וואַקסט די בערעזקע און ס׳וואַקסט מיט דער שטעקן
די אייגענע זון, שטויב און שטורעם באַדעקט זיי.

די צווייגעלעך, בלעטעלעך גרינען צוזאמען.
אין הימל באַוואַקסט זיי, איין ערד — זייער מאַמע.

ביז ס׳האָט זיך דער גערטנער דערמאָנט אינעם שטעקן
וואָס איז שוין א ביימל געוועזן, און זיין העקל

א בליק האָט געטאָן איבער צווייגעלעך שענסטע.
מיין ליבער, איך האָב דאָס געזען דורך מיין פענצטער...

.4

ווי גוט, וואָס דו רייסט מיר נישט איבער: „גענוג״!
און פּרוווסט נישט אַנטקעגן דער זון־שיין מיין גלויבן,
און פּרוווסט נישט א שטרענגער, א ניכטערער, קלוג
פאַרהענגען מיט זיידענע ווערטער די שויבן.

פאַר דעם וואָס דו גלויבסט אין מיר, חבר — אַ דאַנק.
פאַר דעם, וואָס האָסט טיפער מיין וווּנד נישט צעריסן,
די שטענדיק געזונטע — זיי זענען עס קראַנק
אויף פּוסטקייט פון האַרץ, אויף א האַרץ אָן געוויסן.

1956

## צווישן חורבות א בוים

ווי אזוי איז דאָס געשען?
אַ בלעטעלע פון קליאָן, אַ נישט דערוואַקסן בלעטל
האָט אויפגעריסן מיט א ברען
און עפּעס טיף אין מיר צעשמעטערט.

ווער ביסטו, גרינער פלאַם?
אן ערשטלינג, אָדער ביסט שוין דאָ אַמאָל געווען?
פון אונטער חורבות וואַקסט אַרויס דיין שטאַם,
צופוסנס זעט מען נישט קיין בלימל, נישט קיין גרעזל.

ווי טיף ס׳מוז זיין דיין וואָרצל, און ווי קלוג,
אז דו זאָלסט קאָנען וואַקסן צווישן שטיינער,
די זון זאָל דיך בּאַגיסן פון איר קרוג
און איך זאָל קאָנען שטיין לעם דיר און וויינען.

מיין יונג־בוים, אָנגעטאָן אין ליכט
אויף הייסער, פרעגנדיקער ערד פון געטאָ.

אָ, גרינער פלאַם,
פארברען דאָס האַרץ, מיין האַרץ פארניכט,
אויך איך זאָל דאָ נישט קאָנען גרינען, ווי דאָס בלעטל.

מאי 1956

# געזעגענונג

בעמסט מיט אין דיין אויג פון מיין רחבות דעם אומעט —
ער וועט דיך שוין מער נישט פאַרלאָזן.
אין חומש־פּייזאַזש וועט צו חלום דיר קומען
אַ נאַקעטע, ווייסע בעריאָזע.

ווער זאָגט, אַז מען קאָן זיך באַפרייען פון טויטע?
אַנטלויפסט, נאָר דער שאָטן לויפט גיכער.
אַ צווייגל גייט נאָך און באַפאַלט דיינע פלויטן —
אַ כלה אין גרינע תכריכים.

דו האָסט דאָך געדאַרפט זיי צוריק אונטערצונדן,
די יונג־אויסגעלאָשענע פאַרבן.
צו פרי נאָך, צו פרי אויף צו ציילן די וווּנדן —
די שלאַכט איז געוווּנען אויף האַלב נאָר.

כ׳פאַרהאַלט דיך נישט. ניין. און איך זאָג נישט: ביסט שולדיק.
די צייט וועט צום שולדיקן טרעפן.
איך ווייס, אַז ס׳איז ווייטיק, ווי פרייד אומגעדולדיק,
אַז ער האָט די וועגן געעפנט.

נאָר ווו זאָלסט נישט זיין, וועט אַ בענקשאַפט דיך נאָגן
אויף קיינמאָל נישט מער צו פאַרלאָזן.
אין שייבל פון אויג וועט מיט צווייגעלעך שלאָגן
אַ נאַקעטע, ווייסע בעריאָזע.

1956

## איך בין קאַרג געוואָרן

איך בין קאַרג געוואָרן, קאַרג.
קארג אזוי איז אויף געוויס
אין א הונגער־יאָר דער פּויער,
קאַרג אזוי איז א געוויקס,
ווען אן אויסגעוועפּטער, בלויער
שיקט דער הימל לאַנגע וואָכן
אויף דער ערד נאָר טראָפּנס טוי.
ס'איז א קעמל קאַרג אזוי,
ווען ער שפּאַנט דורך הייסע זאַמדן
און דער ווינט טרונקט אויס זיין שווייס,
ווען פון טרוקעניש די ראַנדן
זענען אָנגעגליט און הייס.

איך בין קאַרג געוואָרן, קאַרג.
יעדער ברויזן פרייד, געזאַמלט
האַלב פארברענטערהייט, איך וויל
איינהיטן פאַר נייע פלאַמען.
כ'וויל א קאַרגע, שפּאָרן ווילד
יעדער טראָפּן בלוט, וואָס פליסט נאָר
אין אן אָדער מיט געזאַנג.
זאָל א ווייטיק נישט פארוויסטן.
נישט צעמישן מיין געדאַנק.

איך בין קאַרג געוואָרן, קאַרג.
זעקס מיליאָן — געננוג צושטייער
פארן גאָט פון בלוט און האַס.

מער קיין איינעם פארן פייער!
מעג עס מאָנען ווילד די גאַס,
מעג א נייער גאָט דאָס מאָנען.
איך בין קאַרג געוואָרן. ניין,
אויב מיט בלוט ס׳באַפלעקט די פאָן ווער,
זאָל מיין וואָרט אים זיין א שטיין.

איך בין קאַרג געוואָרן, קאַרג.
גיריק, ווי אויף גאָלד דער קמצן,
כ׳בין אויף פשוט, מענטשלעך גליק.
מיינע איז די פרייד, א גאנצע,
נישט געריסן, נישט געשטיקט.
מיינע זענען אלע טרערן,
יעדער טרער טוט ווייַ אלציינס.
זאָל מיין האַרץ פארשוועכט נישט ווערן,
זיי מיר, וואָרט מיינס, נישט קיין שטיין.



# וואָס וועסטו ירשענען נאָך מיר, מיין טאָכטער?

וואָס וועסטו ירשענען נאָך מיר, מיין טאָכטער?
כ׳האָב מיט עשירות דיין צוקונפט נישט פארזאָרגט.
דאָס טעלערל פון הימל ליגט צעבראָכן
און נאָכן ווייסן ציגעלע איז פוסט דאָס אָרט.

איך האָב פארשווענדעריש צו־מילד צעטרענצלט
מיין גאַנץ פארמעג — א פולן זאק מיט גאָלד.
געהויבן שיכור טאָסטן צו געשפּענסטער
און געטער ליכטיקע צו זען אין זיי געוואָלט.

מיט הוילע הענט האָב איך געזוכט אין פלאַמען
דעם דימענט, וואָס זאָל שיינען אין דיין רינג.
איצט שטייט פאר דיר אָן הויט אויף ביין דיין מאַמע —
וואָס קאָנסטו ירשענען נאָך מיר, מיין קינד?

דער וויטיק בלויז איז ריין ארויס פון שרפות —
איך האָב מיין האַרץ צום טייוול נישט פארשפּילט.
עס קאָרטשעט זיך און ציטערט א פארצווייפלטס,
נאָר ס׳איז נישט אויסגעברענט, עס איז נישט אויסגעקילט.

און דאָס איז מיר געבליבן, טאָכטער, נעם עס.
און זיי נישט מוחל, אויב דו זעסט אין דעם מיין זינד,
ס׳וועט ליכטיקער און ריינער זיין דיין אמת —
איך האָב מיט בלוט באַצאָלט פאר דעם, מיין קינד.

1956



# א וויג־ליד

(האַנקען פון קראָקע)

צו ווייניק וויגעלעך געוויגט —
די מילך אין ברוסט, ווי אייז פארשטיינערט.
איך בין אליין.
מיך הערט נישט קיינער.
איך וויג אַן אומזעבאַרע וויג,
אין בלויע וויגן וויג איך ביינער.

שלאָפט איין.
שלאָפט איין. איר שמעקט מיט פעלדער,
מיט שניי — די ווינדעלעך פון ווינט.
סע ווערט די צייט, וואָס מיידט אייך, עלטער,
איר וועט פארבלייבן אייביק קינד.

שלאָפט איין.
שלאָפט איין. ס׳איז גרוים דאָס וויגל.
שלאָפט איין. זויגט אויס מיין בלוט, מיין ניגון —
פארגליווערט איז די מילך אין ברוסט,
אויף אַש פארברענט אין שוואַרצע פלאַמען.
כ׳וואָלט מיט דער מילך געקאָנט פארסמען
א וועלט, אז זי זאָל ווערן פוסט.

שלאָפט איין.
דאָס וואָרט נאָך אייך איז ליידיק
און נישט פארצוימט פאר נייעם ביין.
איך קלייב די פרוכט פון דערנער — ווייטיק
און בין פון האַס נישט אויסגעלייזט.

שלאָפט איין, פון שוידער־שפּיל פאַרמאַטערט.
שלאָפט איין.
שלאָפט איין.
שלאָפט איין.
שלאָפט איין.

— — — — — — — — — — —

לבנה־פלעק — א געלע לאַטע
פאַלט שטיל אין בלויער וויג אריין.

1956

## א גרוס

דערצייל, דערצייל, דו זעסט, איך וויין נישט.
מיין אויג איז פוסט, דאָס האַרץ פאַרשטיינערט.
דערצייל...

איך וויל, איך וויל אין דיינע ווערטער
געפונען נאָכאַמאָל די גערטנער
פון מיין אַמאָל.

א פלויט, א שטיבל... רייס מיר איבער —
דאָרט שטייען אָפן איצטער גריבער
און פונעם טאָל.

אַנטלויפט דער הימל. רייס מיר איבער —
דאָרט איז מיין ערשטע פרייד געבליבן,
זיך מער נישט אומגעקערט.

דערצייל, דערצייל, דו זעסט, איך וויין נישט.
אין שווארצע גריבער ליגן ביינער
נישט צוגעדעקט מיט ערד.

און פון דעם טאָל און פון די ביינער
פירט מער קיין סטעזשקעלע צו קיינעם,
ווי טויט ס׳וואָלט זיין די שטאָט.



2157 — 6

דערצייל, דערצייל, דורך דיינע ווערטער
איך טרעף צוריק צו יענע ערטער,
מיט וואַקלדיקן טראָט.

איך טרעף אהין, אהין, פונוואַנען
ס׳איז קיין צוריקקער נישט פאַראַנען,
ווו ס׳ענדיקט זיך דער וועג.

דערצייל, דערצייל, דו זעסט, איך וויין נישט.
דערצייל, ווער האָט פון יענע ביינער
אין טאָל אויף מיר געפרעגט?

און אפשר... האָבן זיי פאַריבל,
וואָס איך בין לעבעדיק געבליבן,
איך, איינע פון אַ שטאָט?

דערצייל, דערצייל, דו זעסט, איך וויין נישט.
ווי א מצבה ס׳האַרץ — פאַרשטיינערט,
פאַרצוימט מיט שטעכיק דראָט.

1957

## ווידער שוין...

ווידער, שוין ווידער
רייסט מיך אַ שטורעם און ברעכט מיינע גלידער.
ווידער אין רויכן פאַרהילט און פאַרוויִעט
בלאָנדזשע איך אום מיט מיין שאָטן אינצווייען
דורך פּיין און געפאַרן, דורך נעפּלען געדיכטע
צו זוכן אין פינצטערע שויבן אַ ליכטל.

ווידער פאַרוואונדעטערהייט, ווי אַ חיה
וואָיעט דאָס האַרץ אין אַ ווינקל פאַרטייעט
און פּוסט איז די האַנט און דאָס וואָרט — שטום און ליידיק
דאָס בלוט צו פאַרהאַלטן, צו שטילן דעם ווייטיק.

און איך האָב געמיינט, אַז דאָס ניי־ליכט וועט טויגן
פאַר מיינע, ווי וווּנדן צעעפענטע אויגן.
געמיינט, אַז די זון וועט פאַר אַלעמען קלעקן.
איצט שיץ איך פאַרשעמט מיינע גלידער פון שטעקן,
כ׳קאָן קוים אונטערשיידן פון פלאַמען ביז שקיעה.
אַ יעטוועדער צווייגל קאָן ווערן מיין תליה.

פאַרפרעמדט, דורך איין נאַכט כ׳בין געוואָרן אַ פרעמדע.
די ערד שפּייט מיך אויס און דער הימל דערקענט נישט.
די ערד, וואָס מיין שפּאַן האָט דעם ערשטן געמאָסטן,
דער הימל, וואָס ליגט אין מיין אויג נאָך פאַרשלאָסן.

פאַרהאַסט, ווי מיט שטיינער באַוואָרפן מיט טענות,
איך טראָג ווי אַ הויקער פאַרברעכנס נישט מיינע,

מען שלעפּט מיך צום משפּט פאַר עמעצנס זינדן
צו שטראָפן די נאָכנישט געבוירענע קינדער.

ס׳וואָלט לייכטער געווען מיר, כ׳זאָל קאָנען פאַרניכטן
דאָס אַלץ, וואָס האָט נעכטן געשיינט פאַר מיר ליכטיק.
כ׳זאָל קאָנען מיין ליבע צום מענטש, די געטרייע,
ווי זיי דאָס געוויסן, צו לאָזן מיט פייער.

א ליידיקע וואָלט איך געבליבן, א פּוסטע,
א לייכטע פאַר ווינטן פון תוהו ובוהו.

ניין, לייג זיך, מיין ווייטיק, מיט בליי אויף די ברוסטן
און זיי מיר דער צייכן פון דעם, אַז איך דויער.
אַן פרייד און אָן טרערן, מיט זיך א צעקריגטע,
נאָר נישט קיין באַזיגטע, נאָר נישט קיין באַזיגטע.

1956

# איך שטיי אין דער נאַכט

איך שטיי אין דער נאַכט ביי מיין טאַכטערס צוקאָפּנס
און שלינג די מינוטן, ווי ביטערע טראָפּנס.

איך גלעט אירע הענטלעך, איך האַלט אין איין גלעטן.
די נאַכט איז א ים און א שיף איז איר בעטל.

זי שטאַמלט פארטראָגן און רעדט צו מיין שווייגן:
„נעם מיט פון דער גרינער בעריאָזקע אַ צווייגל.

מיר שווימען, מיר שווימען דורך פעלזן־בערג הוילע,
איך וועל מיט דעם צווייגל דאָרט רעדן אויף פּויליש.

א הייפעלע ערד מוזטו, מאַמע, מיר שענקען —
נאָך פּוילישע ערד וועט דאָס צווייגעלע בענקען".

איך שטיי אין דער נאַכט ביי מיין טאַכטערס צוקאָפּנס
און שלונג די מינוטן, ווי ביטערע טראָפּנס.

נאָר ס'טאָר זיך קיין טרער אין מיין אויג נישט באַווייזן
ביין, לערן זיך, קינד, צו זיין שטאַרקער פון אייזן.

איך שטיי לעם דעם בעטל אַ ניכטערע, וואַך
און שטעך מיט מיין שווייגן די בעלמע פון נאַכט.

דאָס קינד דרימלט איין, אָטעמט לאַנגזאַם און טיף,
צוריק צו די ברעגן פארקערוועט איר שיף...

כ'לייג צו דעם צעפלאַקערטן קאָפּ צו דער שויב.
עס רופט ווער? ניין, שטום זענען גאסן און טויב.

דעצעמבער, 1956

## אויף די ברעגן פון ווייסל...

אויף די ברעגן פון ווייסל זעץ זיך אנידער
און זאָג פאַר די גרינלעכע אָפּגרונטן ווידוי.

פון דאָרט צו די חורבות פון געטאָ דערגיי נאָך
און שווענק אָפּ מיט טרערן די הייליקע שטיינער.

טו אויס דיינע שיך ביי דער שוועל פון בית־עולם
און וועק נישט די רו פון פארשטאָרבענע קולות.

זיי זאָלן נישט הערן, זיי זאָלן נישט וויסן
און וואָס פאר אן עלנדקייט קומסט זיי פארשליסן.

האַלט איין דיין געשריי, דיין געדאַנק און דעם אָטעם,
סע זאָל נישט דערגיין צו קיין מרידה פון שאָטנס.

דערנאָך הענג אים אויף אויף א ווערבע, דיין פידל,
און שעפּט אויס די סטרונעס, וואָס זינגען אויף יידיש —

קיין קלאַנג זאָל נישט בלייבן פאר שפּאָט און פאר חוזק.
די הייליקע ספרים פארברען אין די קלויזן,

אין פלאַם זאָלן אותיות פורחות פאַרשווונדן,
קיין שטיין פון געלעכטער זאָל זיי נישט פאַרווונדן.

לויף דורך אין איין רגע דעם עיגול פון הימל,
די ערד, ווו עס ליגט פון דיין בלוט נאָך דער שימל

און שליידער דיין קרעכץ ביז צו הימלעשע שפּיצן,
ער זאָל אויף דער ערד זיך אין פונקען צעשפּריצן.

יאנואר 1957

## כ׳הייב אויף א טאָסט...

כ׳הייב אויף א טאָסט!
נאָר אויב מיין בעכער גלאַנצט נישט היינט,
אויב סאיז אין אים דער וויין נישט לויטער,
זייט מוחל, פריינד, זייט מוחל, פריינד —
ביי אונדזער טיש דאָ זיצן טויטע.

כ׳הייב אויף א טאָסט, כ׳הייב אויף א טאָסט
פאר טרוימען ליכטיקע און הויכע.
נאָר אויב מיין וויין באַדעקט א פראָסט,
זייט מוחל, פריינד, זייט פריינד מיר מוחל.

און ווען דערווידער ס׳איז מיין טרער,
ווער ס׳קאָן פאר איר זיין האַרץ פאַרמאַכן,
זאָל מוחל זיין — מיין זינד איז שווער —
דער זאָל דער ערשטער זיך צעלאכן.

## א נאַכט

די נאַכט אויף מיין טיש ווי אַן אייזערנער בעכער
און איבער די ראַנדן איר שוואַרצער געטראַנק.
א שיכורער, צווישן געוויין און געלעכטער
שלאָגט זיך צעטומלט און דול מיין געדאַנק.

און אפשר איז אמת, אַז איך האָב געקרייציקט
דעם בלויאויגיקן גאָט מיטן צאַרטן געזיכט?
זילבערשטיק, זילבערשטיק, זילבערשטיק דרייסיק —
זיי גלאַנצן אַראָפּ פונעם הימל אַן ליכט.

איז עפּעס געווען דאָך אומשטרייטבאַר און הייליק?
איך זוך איצט די גרענעץ פון ריינקייט און זינד.
און אפשר איז אמת, אַז איך, איך בין שיילאָק,
און וואָר אַז צו מצות כ׳צאַפּ בלוט פון א קינד?

מיט שיכורע טריט איך דערשלעפּ זיך צום שפּיגל.
ווער ביסטו, מיט ווייטיק אין אויג? איך בין מיר.
עס יאָגט מיך א שרעק צו מיין טעכטערלס וויגל —
ווי ענלעך זי איז צום געקרייציקטן ייד.

1957

# א קינד מיט גרויע האָר

כ׳פֿאַרשטעל דאָס פּנים מיט די הענט,
ווי ס׳פֿלעגט מיין מאַמע טאָן ביים בענטשן ליכט.
ס׳האָט עפּעס אויפֿגעלויכטן אומגעריכט
און ווי מיט פֿינצטערניש מיין אויג פֿאַרבלענדט.

געוווינט צו שטראַלן, ווי די ווירעס גראָד,
איך פּלאָנטער זיך אין זייער נעץ אליין.
איך לערן זיך אויפֿסניי צו גיין —
א קינד מיט גרויע האָר ארום א ראָד.

1957

## אַ האַרבסט אַזאַ...

א האַרבסט אזא, אזא מין האַרבסט,
וואָס שפּייט מיט בלוט דורך רויטן בלאַט.
א האַרבסט אזא, אזא מין האַרבסט
פון גרויסער ליבע און פאַראַט.

א האַרבסט אזא, אזא מין האַרבסט,
מיט פרילינג־ווייַן און ביטערניש,
ווען עפּעס ווערט, ווען עפּעס שטאַרבט
אין גרויסער שייַן, אין ציטערניש.

א האַרבסט אזא, אזא מין האַרבסט,
ווען בלעטער־פאַל קלינגט הויך ווי שטאָל.
א האַרבסט אַזאַ, אַזאַ מין האַרבסט,
קאָן אויסהאַלטן דאָס האַרץ איין מאָל.

אָקטאָבער 1956

# לאַך מיך, טייערער, נישט אויס...

לאַך מיך, טייערער, נישט אויס,
וואָס איך באַקוק אַ יעדער הויז,
און ווי א קינד, כ׳פארדרייס דעם קאָפּ,
באוווּנדער יעדן בלומען־טאָפּ,
א יעדער פאַרהענגל אין שויב
און אויף די גזימסן — יעדער טויב.
לאַך נישט, טייערער, פון מיר,

לאַך נישט, טייערער, פון מיר,
כ׳וואָלט אָנגעקלאַפּט אין יעדער טיר
און לויט דעם פרעגנדיקנס „ווער?״
וואָלט איך דערקאָנט, צי ס׳איז אים שווער,
וואָלט איך פארשטאַנען שטיל אָן רייד,
צי ס׳איז דערגאַן צו אים א פרייד,
צי ס׳איז דערשווומען בלויז אַ טרער.

לאַך מיך, טייערער, נישט אויס.
ווען פרייד דערקען איך אין א הויז,
ווען גליק דערזע איך דורך א וואַנט
ווערט רייכער מיט איין פרייד־ברילִיאַנט
דאָס בייטעלע, מיין גאַנץ פארמעג,
וואָס איך באַהאַלט אויף שווארצע טעג.

לאַך נישט, טייערער, פון מיר,
ווען איך פארגעס, אויב איך פארליר
מיין בייטעלע פון ריינער פרייד

לעם עמעצנס א פרעמדער טיר.
דאָס רופט א טרער מיך שטיל, אָן רייד,
א נישט דערגאַנגען מענטשלעך גליק.
כ׳גיב אָפּ א פרעמדע פרייד צוריק,
כ׳גיב אָפּ א פרעמדע פרייד צוריק.

1956

## אפּאָריזמען פון טאָג

פאַרשאָטנט, צווישן חורבות בלומען
צעלאָזן קנאָספּן לאַנגזאַם, מיט פאַרדאכט.

ס׳ווערט אויסגעטרוקנט און פאַרוויסט דער ברונעם,
ווען אָפּגעפירט זיין קוואַל ווערט און פאַרמאַכט.

אויב ס׳רייסט זיך אויף פון פידל בלויז איין סטרונע,
אַנטלויפט דער ניגון און פאַרלירט זיין וועג.

דעם טייך וועט אויסגיסן דער קלענסטער רעגן־שטורעם,
אויב באַרג אראָפּ ס׳וועט גיין זיין ברעג.

דאָס האַרץ איז נישט קיין פיש און קאָן נאָר איינמאָל
זיך לאָזן פאַנגען, ווייל דער וואָרעם איז געשמאַק.

ווען ס׳פאַלן אינעם וואלד די העכסטע ביימער,
ווערט לענגער אלץ דער שאָטן פון דער האַק.

1956

# דו רעדסט צו מיר...

דו רעדסט צו מיר און זעסט, אז מיינע אויגן הערן
אן אנדער קול, נישט דיינס. מיין בליק איז פרעמד און ווייט.
דו שמייכלסט בלייך און שווער, און ווארפסט מיר: „כ'וועל נישט שטערן...״
און איך, איך הער דיין שטים פון צווייטן ברעג פון צייט.

נעם אָן מיך ביי דער האַנט און וועק מיך אויף פון טרוימען,
באַפריי פון צווייאיקייט, פון וויזיעס מיין בליק.
ס'זאָל זיין גענוג איין טרער, דעם ווייטיק אָפּצושוימען,
גענוג איין קליינע פרייד, דאָס האַרץ זאָל זיין פאַרוויגט.

## מיין מאָרגנדיק ליד

דו וואַרפסט מיר איצט פאָר מיינע נעכטיקע לידער
און זוכסט אויף מיין פּנים חרטה.
קאָן זיין, אַז מיין וואָרט, וואָס גייט אויף איצט, וועט ווידער
זיך מאָרגן פאַרציִען מיט שאָטן.

קאָן זיין, אַז מיין וואָרט וועט זיין מאָרגן אַ ליגן,
אַז דאָס, וואָס איז ליב מיר, וועט ווי טאָן.
נאָר יעדער זיין אות האָט מיין בלוט אויסגעשריגן,
איך קאָן נישט קיין אמת, קיין צווייטן.

דו זעסט דאָס געוויקסל, וואָס בייגט זיינע בלעטער
אַהין, צו די זוניקע פאַקלען?
אַ צווייַגל ווערט קרום, נאָר דער וואָרצל, ער וועט דאָך
באַוואָקסן מיט ערד, זיך נישט וואַקלען.

כ'וועל פאַלן צען מאָל און מיט בלוט זיך באַגיסן,
און אויפשטיין און ווידער גיין ווייטער
מיט טרערן אין אויג, מיט אַ ריינעם געוויסן,
אין אייגענעם וועיטיק געלייטערט.

1956

# שטילער מיין וואָרט

שטילער, מיין וואָרט. שטילער נאָך, שטיל.
נישט מיט קיין פייערווערק קום, נאָר מיט שיין.
קום, ווען דו מוזט, נישט ווען איך וויל,
זיי אזוי לאַנג, ווי מוזט אין מיר זיין.

שטילער, מיין וואָרט. אונטער דער ערד
ריזלט א קוועלעכל שטיל און געהעמט.
אינעם געריוש שטילקייט דערהער,
ברענג זי א גאנצע צו מיינע הענט.

שטילער, מיין וואָרט, באָרוועסע טריט
לויפן דורך פייערן, ווייטיק און מוט.
גיי מיט זיי מיט, גיי מיט זיי מיט,
איך זאָל דערקענען אויף דיר זייער בלוט.

1957

## פרילינג 1957

מיר שטייען איצט אַנטקעגן זיך, ווי פרעמדע.
געפּלאַצט אַ ניגון און געוואָרן אויס.
די פליגלען דיינע — זילבער־גרין, ווי שטענדיק,
נאָר פאַר מיין הימל זענען זיי צו גרויס.

ווי שיין דו ביסט אין אָרעאָל פון שטראַלן,
ווי רייף דו זעסט מיר אויס אין זון־פּאַרגאַנג.
מיך זענען האַרבסטן, ווי די וועלף באַפאַלן,
ווען כ'בין געווען פון בענקשאַפט צו דיר קראַנק.

עס ווייסט די ערד, ווו וואַקסן ס'וועט אַ בלימל,
פאַר יעדער קערנדל איז שוין דער סוד אַנטפּלעקט.
איך ווייס נישט, וואָס עס גרייט פאַר מיר דער הימל,
אַ פרילינג־רעגנדל, צי גרויע ווינטער־שרעק.

נאָר כ'קער נישט אום דאָס אויסגעטרוימטע רינגל,
וואָס האָט פאַרקנסט צו דיין געזאַנג מיין ליד.
עס איז אריינגעוואָקסן אין מיין פינגער,
געוואָרן פון מיין גוף אַ גליד.

כ'באַפריי דיך נישט פון יענע הייסע ווערטער,
נישט פון דער שבועה, כאָטש זי איז צעשטערט,
אז ס'וועט מיין גאָרטן בליען צווישן גערטנער,
אַז פאַר מיין וואָרצל מילד וועט זיין די ערד.

איך בענק נאָך דיר און וויל דיין גלאַנץ פאַרגעסן
און ווידער ווערסטו פאַרן אויג דער טרוים,
צערייס מיין הימל, ער זאָל ווערן גרעסער,
פאַר דיינע פליגלען קלעקן זאָל מיר רוים.

# אָן מיין ברכה

אָן מיין ברכה האָט היי־יאָר דער קנאָספּ געבוירן —
כ׳האָב אַזויפיל אָנגעווירן.

ווי אַזוי איז דאָס געשען, כ׳בין ווו געוועזן,
ווען די בלום האָט צווישן גראָזן זיך געגרעזלט?

וועלכער דאָרן האָט פאַרשטאָכן מיינע אויגן
און אַ פאָרהאַנג צווישן מיר און ליכט פאַרצויגן?

שטייט אַ בלום איצט אין אַ בלומען־טאָפּ פאַרשלאָסן,
די קאָלירן אויפן טישטעך אויסגעגאָסן.

און איך קאָן נישט, און איך קאָן זיך נישט באַפרייען
פון דער שטילער, פון דער פאַרביקער לוויה.

אָן מיין ברכה האָט היי־יאָר דער קנאָספּ געבוירן —
כ׳האָב אַזויפיל אָנגעווירן.

1957

## ווען אַ מענטש צו א מענטש איז אַ וואָלף

אזויפיל איינזאַמקייט אין לעבן אויסגעטרונקען
פון בעכער אָנגעפולטע פאר א פרעמדן טיש,
אזויפיל אָנגעציילט נישט אויסגעשטראַלטע פונקען,
וואָס זענען דורך איין ווינט געוואָרן אָפּגעווישט.

פון אויגן־שפּעלטלעך געשמיסן, ווי מיט ריטער,
איז וויפל מאָל מיין שמייכל אויסגעגאַנגען שטיל,
און נישט געקאָנט פארשטיין, צעטומלט און פארציטערט,
אז כ׳האָב א גרויסן קאָן, נישט שפּילנדיק, פארשפּילט.

סאיז וויפל מאָל מיין האַנט אין לופט געבליבן הענגען,
ווען כ׳האָב געזוכט אן אָנשפּאַר אין א בייזער שעה.
איך טראָג דאָס אין מיין האַרץ, נישט ווייל איך וויל געדענקען,
נאָר ווייל עס קראַקעט אלץ נאָך איבער מיר די קראָ.

איך האַלט דעם אָטעם איין, מען זאָל מיך נישט דערהערן,
גרייט יעדן קינד אין וויגל אָפּטרעטן דעם וועג.
אַנטקעגן פרעכן וואָרט כ׳קאָן נאָר אזוי זיך ווערן —
כ׳נעם דעם געוועט נישט אָן אין וועלפישן געיעג.

ווי מאַכט מען עס, מיין קינד, אז דו זאָלסט אנדערש פילן,
אז דו זאָלסט דרייסטער גרייכן צו דיין חלק גליק?
נאָר דאָס וואָלט זיין דער לעצטער קאָן, וואָס כ׳קאָן פארשפּילן,
ווען איך זאָל זעען גרינע פונקען אין דיין בליק.

1957

## טריט אין דער נאַכט

דער רעגן שמייסט מיט נאַסע האַנטעכער די שויבן,
דער ווינט צערייסט די נאַכט אויף שטיקער מיט געוויין,
ווער גייט עס איצט פאַראיינזאַמט־גיך דורך גאַסן טויבע
און קאַפּעט אויס די טריט, ווי טראָפּנס אויף א שטיין?

איילט אפשר ווער צום פייפעריי פון צוגן ווייטע,
צו רעדער־קלאַפּעריי אויף רעלסן פון דער נאַכט?
און אפשר איז אין וועמענס האַרץ געוואָרן צייטיק
און טרייבט פון שטוב אַרויס אויף רעגן, א פאַרדאַכט?

און אפשר קאָן זיך מער אַן איינזאַמער נישט ווערן,
און ס'איז זיין הימל איצט — דער גליטשיקער אַספאַלט,
און פאַרן אויג דער איינציק־ליכטנדיקער שטערן —
דאָס קליינע ליכטעלע, וואָס פון מיין פענצטער פאַלט.

זוכט ווער זיין גליק, וואָס איז געגאַנגען אים פאַרלוירן
אינמיטן העלן טאָג, אויף פלעצער פון א שטאָט,
און נעמט נישט אָן, און וויל נישט אָננעמען דעם גורל,
וואָס צייכנט אַרום אים א פייערדיקע ראָד?

איך לויף אַרויס אין נאַכט, די אָרעמס אויסגעצויגן,
און פאַל, ווי א געשריי, אין פינצטערניש אַריין.
די גאַס איז פוסט. עס שלינגען דורשטיק מיינע אויגן
פון גליטשיקן אַספאַלט א בלייכע פאַסמע שיין.

# איך האָב באַוויזן קוים...

איך האָב באַוויזן קוים די שוועל אַריבערטרעטן,
איז שוין די טיר געווען נאָך מיר פאַרמאַכט.
איך בין געבליבן שטיין ביים ראַנד פון נאַכט.
איין אויגנבליק צו פרי — און אייביקייט פארשפעטיקט.

ווען איך זאָל קאָנען בלויז ביז וואנגען נאַכט איז שוואַרץ,
ביז סוועט א רוף טאָן מיך פון טיר א שליסל,
דעם הייסן צאַפּל צו פאַרשליסן
אין ענגן פאַנצער פון מיין האַרץ.

1957

## צעשיידונג

נישט דער. נישט דער נאָך. ניין, נישט דער.
דער שניידט זיך איין אין נאכט, אין וואלד,
אין ווייטן.

אָ, יענער וועט דאָס הארץ מיינס איבערשניידן,
אָ, יענער וועט נישט אומקערן זיך מער.

פארהאלט, פארהאלט דעם צוג. פארהאלט!
ער פירט אוועק אין נאכט, אין וואַלד,
אין פינצטערניש מיין שטערן.

סע זאָל אין חשכות, ווי אַ שטיין
מיין קאָפּ אַ פּאַל טאָן און פארגיין,
דערטרונקען ווערן.

פאַרהאַלט, פאַרהאַלט דעם צוג, פאַרהאַלט! — — —

## מיין וועלט

מיין וועלט, די ברייטע וועלט אין מיר
איז, ווי געוועזן, איז נישט גערירט,
איז אלץ נאָך ראָז, איז אלץ נאָך גרין,
ס׳קאָן קומען יעדערער אַהין,
ס׳קאָן קומען יעדער מענטש צו גאַסט,
פון מידקייט אָפּטרייסלען די פּיס
און אויסטאָן זיך פון פּיין, פון האַס.
דאָרט ווערט א יעדערער באגריסט,
דאָרט ווערט אַ יעדער מענטש געטרייסט —
מען פרעגט נישט דאָרטן, ווי ער הייסט.

מיין וועלט, די ברייטע וועלט אין מיר
איז, ווי געוועזן, איז נישט גערירט:
דאָרט איז אַ טרער נאָך הייליק אַלץ,
דאָרט קלאַפּט עס נישט — דאָרט ברענט אַ הארץ,
דאָרט וועלקן קאלטע ווערטער גיך
און פאלשע — גייען אויס פארפרעמדט,
פון שטילע פונקען ווערט דאָרט ליכט,
קיין קליינע פרייד ווערט נישט פארשעמט,
נאָר אַ גערעכטער הייסט דאָרט העלד —
כ׳פארבעט דיך אין מיין שיינער וועלט...

# איך האָב געמיינט..

איך האָב געמיינט, אז דאָס איז גליק, ווען כ׳האָב נאָך גליק געגאַרט.
איך האָב געמיינט, אז דאָס איז פרייד, ווען כ׳האָב אויף פרייד געוואַרט.
א טוי וועקט אויף די האַרטע ערד — האָב איך מיין האַרץ געטרייסט,
ווען ווייטיק האָט דאָס וואַכע אויג באַדעקט מיט קאַלטן שווייס.
די זון גייט אויף — האָב איך געזאָגט, מיט פרילינג־פרייד און מוט
און נישט געוווּסט, און נישט געאַנט, אז דאָס, אַז דאָס איז בלוט.
ווען ס׳איז דאָס פינצטערניש געווען פאַר מיין פאַרשטאַנד צו גרויס,
האָב איך געמיינט, אַז ס׳איז נישטאָ, אַז ס׳איז א שאָטן בלויז.
געהאַסט דאָס שלעכטס און נישט געפילט, ווי ס׳וואַקסט, ווי ס׳רייפט
אין מיר —

אַ לעמעלע, א מילדע טויב און מאָרגן — אַ וואַמפּיר.
אַז מיין געוויסן ווערט געאיבט און צוגעוווינט דער קאַרק
צו בוקן זיך פאַר שטאַרקערע, זיין קעגן שוואַכע שטאַרק.
און ווען א פונק האָט אויפגעבליצט מיט צווייפל, האָט ער מיד
אין קעלערן געלאָשן זיך, אין גלויביקייט פאַרשמידט.
און ווען א וואָרט האָט אויפגעברויזט, א ניכטער וואָרט, א האַרטס,
האָב איך פאַרשעמט געשליידערט עס אין אונטערערד פון האַרץ.
ביז ס׳איז געוואָרן שטייף מיין בליק און פאַר קאַלירן — שטום,
ווי דורך אַ פרעמדנס אויג וואָלט איך באַנומען דעם אַרום.
ווער בין איך, ווער? אין שעה פון האַרבסט ווהין וועל איך דערגייין?
ביי וועלכן נאָמען רופט מען מיך, ביי וועלכן — איך אליין?
דאָס אַש נאָך שרפות קילט און בריט. צי איז אין מיר געוועגדט
כ׳זאָל, ווי אַ חורבה דאָ נישט שטיין, פאַרוויסט און אויסגעברענט?

## צו...

אויב אמת איז, אַז אנדערש קאָן נישט זיין —
פון בלוט מען קאָן זיך נאָר דורך בלוט באפרייען,
איז ווער באשטימט די וואָג און מאָס פון פיין,
וואָס יעדער הארץ דארף אָפּגעבן צושטייער?

ווו ליגט דער תחום, וואָס הייסט נישט וויטער גיין?
די גרענעץ — ווו עס הייבט זיך אָן דאָס שלעכטע?
ווער משפט מיך, אויב נישט מיין הארץ אליין,
אויב מיין געוויסן טאָר נישט זיין מיין וועכטער?

און אפשר איז די לאסט פון בלוט צו גרויס,
די מאָס פון פיין, וואָס איז געפאלן אויף מיין חלק?
כ׳בין אפשר שוואך און ס׳האלט דאָס הארץ נישט אויס,
דאָס פרומע הארץ, וואָס איז געבליבן הייליק?

פאַרוואָס האָסט דו מיר פריער נישט געזאָגט?
פאַרוואָס האָסט דו מיך נישט געוואָרנט פריער?
איך האָב אין זיך אַזאַ מין קראפט פאַרמאָגט —
פאַרוואָס האָסט דו זי אויסגעלערנט קניען?

צעבונטעוועט, פון שטאָלצן ווייטיק קראַנק,
איך רייס איצט שטיקער פון מיין לייב און לעבן.

מיין גאָט, מיר טוט קיין איין מינוט פון מיינע טעג נישט באנג —
איך האָב זיי פאר מיין אמת אָפּגעגעבן.

# רויטע בלעטער

גערווידמעט ר. וויניעוואסקא

און אויב היי־יאָר
וועט זיין דער הארבסט
אָן רויטע בלעטער —
זאָרג נישט.
זיי גייען אלץ
נאָך אָפּ מיט בלוט
פון ווינט צעשמעטערט —
אין מיר פארבאָרגן.

און אויב דו ווילסט —
כ׳צעררייס מיין הארץ
און לאָז ארויס זיי
פליען
אין הויכן ווינט
אויף נאסער ערד
אין גרויען דרויסן —
שקיעהס.

און אויב דו ווילסט —
אין בלעטער־פאל
כ׳וועל ווערן באלד
פארווייעט
מיט רויטע האָר
א גרויס געשטאַלט
מיט פוסטן וואלד
אינצווייען.

און אויב דו ווילסט —
איך צינד זיך אָן
ביים הייסן אש
פון בלעטער
און פאל אראָפּ —
פון הארבסט די פאָן
אויף קאלטן שטיין
פון גאַס.

און אויב דו ווילסט —
צעריים מיין הארץ
און פרווו מיט פיס
צעטרעטן
דעם רויטן הארבסט
וועסט זען, ווי כ׳שטאַרב
אינאיינעם מיט
די בלעטער.



2157 — 8

# אויטאָביאָגראַפיע

זעץ זיך אוועק לעבן מיר אויף דער שוועל —
דו וועסט לעקן מיין האַנט, איך וועל גלעטן דיין פעל,
וועסט באַשמעקן מיין קני מיט דיין קילבלעכער נאָז
און באַגלייטן מיט ווינקלען פון אויגן אין גראָז
ווי אַ פייגעלע גריבלט זיך פלייסיק אין מיסט.
אָ, איך ווייס דאָך אפילו נישט, פריינד, ווער דו ביסט.

איך האָב דיך אַמאָל אין מיין היכל געבראַכט
פון אַ ליידיקער גאַס אין אַ האַרבסטיקער נאַכט.
איך געדענק נישט ביי וועמען פון אונדז און פאַרוואָס
ס'האָט אַ טרער אויפן ברעג פון אַן אויג זיך געגלאָזט.
אפשר איז דאָס געווען גאָר אַ טראָפּנדל נאַס,
אין אַ האַרבסטיקער נאַכט אויף אַ ליידיקער גאַס.

יאָ, דאָס לעבן איז נישט אַזוי לייכט, ווי דיר שיינט.
כ'האָב געהאַט שוין אַמאָל אַזאַ הינטישן פריינד.
אינעם ווייטן אַמאָל (אַלט געוועזן צען יאָר)
כ'האָב געטראָגן אויף יינגליש געשוירן די האָר,
און די מיאוסטע געווען — איך געדענק, ווי אַצינד —
צווישן קינדער, און ער — צווישן גאַסישע הינט.

נאָר דאָס האָט אונדז דאָך אויף אַ האָר נישט געשטערט
מיט זעקס באַרוועסע פיס צו צעקליגען די ערד.
ווו אַ העכערער דאַך, ווו אַ בוים, ווו אַ פּלויט

האָבן צייכנס געלאָזט אויף זיין פעל, אויף מיין הויט.
מיר האָבן, פארשייט, נישט געאַנט, נישט געקלערט,
אז פארלאנגען צו האסטיקע זעבען פארווערט.

נאָר ער האָט אויף לענגער פון מיר פארגעדענקט
דעם טעם פון קלעפּ און א ראַץ פון א סענק.
אלץ זעלטענער פלעגט ער באגלייטן מיין שפּיל,
ווען סע האָט זיך געוואָלט מיר צו הויך און צו פיל.
אלץ אָפטער — באקוקן מיין פרייד פון דער זייט.
און איך, ווי דו זעסט, כ׳בין נאָך אלץ נישט קיין לייט.

אָ, נעכט פון לבנהדיק־מילכיקער שיין!
איך האָב טריי מיט מיין פריינד מיטגעוואַיעט זיין פּיין,
און אפשר אָן אייגענע טרער שוין געהאַט.
ער פלעגט מיך נישט איינמאָל באקוקן מיט חשד:
א מענטש — נישט קיין מענטש? דאָס געוואָי אָפּגעהאַקט
א פאל צו טאָן פייכט מיט דער צונג צו מיין באַק... .

וואָס קוקסטו מיך אָן אזוי פאַרשנדיק־טריב?
כ׳האָב געזען שוין אמאָל אזא הינטישן בליק,
פארשטאָכן מיט אייזערנע נאָדלען פון שרעק.
איך וויים: ווערסט, ווי ער, פון מיין ווינקל אוועק.
אין א שפּעטן פארנאכט, אין א פריען באגין,
כ׳וועל נישט וויסן פארוואָס, כ׳וועל נישט וויסן וווהין.

פארשעמט וועל איך זוכן אויף ווינט דיינע טריט —
ס׳אנטלויפט דאָך אזוי פון מיין אומרו מ״ין ליד.
ווייזט אויס, אז עס טרייבט אייך דער זעלביקער שטיין,
ווייזט אויס, אז איך מוז שוין פארבלייבן אליין
ביז וואנען ס׳וועט ווידער ווער קומען צו גאסט
פון א הארבסטיקער נאכט, פון א ליידיקער גאס.

## אַן ענטפֿער

נאַכט־שמעטערלינג, גרוי־פֿליגעלע, מיין פריינד,
ווי אומפאַרמיידלעך איז דיין קרייזן אַרום פייער.
איך ווייס: דו וועסט באַצאָלן טייער
פאַר דיין צו האַסטיקן געיעג נאָך שיין.

איך שטרעק צום גורל דיינעם אויס די הענט,
נאָר נישט דערפאַר, וואָס איך וויל זיין דיין ריכטער.
איך האָב געקאָנט אַמאָל אַ דיכטער,
וואָס האָט ביי ליכט די פליגלען אָפּגעברענט.

איך ווייס: ווען אַלץ וואָלט אָנגעהויבן זיך אויפסניי,
פאַרבלענדט דו וואָלסט געוואָרן פונעם פייער ווידער
אַזוי ווי ער, ווי זיינע לידער,
וואָס ווילן נישט פון וויזיעס ווערן פריי.

1957

# ליבע

זיי מיר באַגריסט, זיי מיר געבענטשט
ליבע פון מענטש צו מענטש.

וואָס איז מיר גליק שטילינקערהייט,
אויב ס'איז נישטאָ דער מענטש צו מיין פרייד?

וואָס קאָן זיין גרויס, הייליקער ציל,
אויב ס'איז נישטאָ קיין מענטשלעך געפיל?

וואָס איז צו גרויס, וואָס איז צו שווער,
אויב ס'איז די ליבע מיר א געווער?

זיי מיר מיין קראַפט, זיי מיר א פלאַם,
וועל איך באַזיגן דעם שטאָלענעם ים.

זיי מיר מיין וואָר, זיי מיר א טרוים,
וועל איך באַצווינגען די ערד און דעם רוים.

זיי מיר, ווי לופט, זיי מיר, ווי ברויט,
וועל איך פאַריאָגן דעם שאָטן פון טויט.

זיי מיר באַגריסט, זיי מיר געבענטשט —
ליבע פון מענטש צו מענטש.

# אינהאַלט

זייט